# מיליאנען מענשען וואס לעבען יעצט וועלען קיינמאל ניט שטארבען



פרייז 25 סענטס

# מיליאנען מענשען וואס לעבען יעצט וועלען קיינמאל ניט שטארבען : : : :

אַרויסגעגעבען
פון ערנסטע ביבעל פאָרשער
ברוקלין, נ. י., אַמעריקא
124 Columbia Heights,
Brooklyn, N. Y., U. S. A.
[Yiddish]

דיזער בוך איז
געווידמעט
צו די לייטע
וואָס לעבען יעצט אויף דער ערד
וועלכע פערלאַנגען
לעבען, פרייהייט און גליק

דז. פ. רוטהערפאָרד

ענגלישער אָריגינאַל

Copyrighted 1920 by
International Bible Students Association

# פאָרוואָרט

ריכטער דז. פּ. רזטהערפאָרד,
ברוקלין, נ. י.

די קאָרעקטור פון אײַיער העפט, „די מיליאָנען מענשען וואָס לעבען יעצט וועלען קיינמאָל ניט שטאַרבען", וואָס איהר האָט מיר גע־פעליגסט געגעבען צו לעזען, האָט זיך אַרויסגעצייגט צו זיין נאָך מעהר אינטערעסאַנט אַלס ערוואַרטעט, און איך נוץ אויס די ערשטע געלעגענהייט צו אויסדריקען צו אײַיך מיין אויפריכטיגע אָפּשאַצונג פונ׳ם ווערק.

דער אויסגעצייכענטער וועג אין וועלכען איהר האָט אָנגעפיהרט די מאמרים פון האַר ישוע, פון די שליחים, און פון די נביאים פון דער אַלטער צייט, און אין וועלכען איהר האָט עס אונטערשטיצט דורך פיעלזייטיגע וועלטליכע ראיות, אויפצייגענדיג נאָכאַנאַנד דאָס די צייט וועט אָנקומען, ווען די מיליאָנען מענשען וואָס לעבען יעצט וועלען קיינמאָל ניט שטאַרבען — און דאָס מיר לעבען יעצט אין יענער צייט — וועט אַריינגעבען האָפנונג און פערזיכערונג אין די געדאַנ־קען פון יעדען עהרליכען, אמת־זוכענדען לעזער.

אַלס איינער וואָס האָט געהאַט די שאַצבאַרע פּריווילעגיע אַלס אַרויסגעבער פון פּאַסטאָר ראָסעל׳ס דרשות צו טויזענדער צייטונגען אין פיעלע לענדער, בין איך נאַטירליך געווען פעראינטערעסירט צו זעהן מי איבער וועט בעהאַנדלען די נביאות וואָס זיינען אַזוי אָפט בעריהרט געוואָרען אין פּאַסטאָר ראָסעל׳ס דרשות. איך בין העכסט צו־פרידען צו געפינען דאָס איהר באַזירט דעם גרעסטען טהייל פון אייער ראיות פון דעם שטאַנדפּונקט פון ערפילטע נביאות. איך בין צו־פרידען, וואָס מיר אָנבעלאַנגט, דאָס איהר האָט צוזאַמענגענומען אַזאַ מאַסע ראיות אום צו פערשטאַרקען אייער פּאָזיציאָן און צו צייגען דעם עולם, אַלס אַ גרונט פאַר אַ ווירדיגע האָפנונג, ווי זיי קענען אייביג לעבען. קיינער וועט ניט דאַרפען בעטראַכטען אייער בעהויפּטונג אַלס אַ בדיך־סברא.

דאַנקענדיג אייך ווידער און ווינשענדיג אייך אייביגען ר־־-ען זעגען פאַר אייער אַרבייט פון ליעבע, צייכען איך אַלס

אייערער אין די עסטע פעראייניגונג,

ג. ק. דריסקאלל.

סאַנטאַ-מאָניקא, קאַליפ., מאַי 17, 1920.

# אינהאַלט


די צייט פון די גוים — 14
די ענדע פון דער וועלט — 18
אונטערשטיצענדע צייגניסע פון תנ"ך — 20
די צייט ווען די אידען זיינען פאַרטריבען געוואָרען — 23
די נבואה איז ערפילט געוואָרען — 25
דאָס דאָפּעלטע הויבט זיך אָן צו ענדיגען — 28
די חסדים הויבען זיך ווידער אָן — 29
ציוניזם: דער מקור און דאָס שטרעבען — 30
די גרונדלאַגע פון ציוניזם — 31
ענטוויקלונג פון ציוניזם — 32
דאָס דאָפּעלטע ווערט אויסגעפּהירט — 33
וואָס ציוניזם בעשטרעבט — 35
די אידען בויען ווידער אויף פּאַלעסטינע — 36
„זיי וועלען בויען הייזער" — 38
די פּאַסירונגען אין נח'ס צייטען — 40
וואָלל סטריט אָנגעטאָהן אין זונטאָגדיגע קליידער — 52
וואָלל סטריט מיט אַ פרומען געזיכט — 58
די בשורה טובה אַלס עדות — 61
מענשליכער פערלאַנג — 63
מיטלען — מענשליכע — 67
די ליגע פון נאַציאָנען — 67
גלח'ישע רפואות פאַר מענשליכע צרות — 69
געטליכער הילמיטעל און די פאַרשפּראָכענע ערלייזונג — 74
די ערלייזונג פאַרשפּראָכען — 77
דער אויסקויפער — 80
דער אויסלייז פּרייז — 81
דאָס אָנקומען פון משיח'ס קעניגרייך — 92
דער אידישער סיסטעם פון יובל איז אַ בילד פון'ם קעניגרייך — 95
וואָרום מיליאָנען מענשען וואָס לעבען יעצט וועלען קיינמאָל ניט שטאַרבען — 100
ווי צו לעבען אייביג — 101
גרויסע פרייד קומט אָן — 112
גרויסאַרטיגער שלום — 114

# מיליאָנען מענשען וואָס לעבען יעצט וועלען קיינמאָל ניט שטאַרבען

פיעלע לייטע וועלען בעטראַכטען אַלס געוואַגט און אַלס צו שטאַרק די ערקלעהרונג, דאָס מיליאָנען מענשען וואָס לעבען יעצט וועלען קיינמאָל ניט שטאַרבען. אָבער איך גלויב, דאָס כמעט יעדער עהרליכער מענש וואָס וועט בעטראַכטען די ראיות דאַפיר וועט צוגעבען, דאָס דער אויספיהר איז בעגרינדעט.

אין פערלויף פון ניינצעהן הונדערט יאָהר האָבען קריסטען געהאָפט אויף אַ צוקונפט ווען מען וועט מענשען אויף דער וועלט געבען אייביגעס לעבען. זייערע ערוואַר־טונגען און האָפנונגען זיינען געווען בעגרינדעט אויף די אַרויסזאָגונגען פון די בעגייסטערטע נביאים פון פאַרצייי־טען — פון משה'ן ביז יוחנן — אויף די אַרויסזאָגונגען פון ישוע הנוצרי, דער זוהן פון לעבעדיגען גאָט, און אויף די אַרויסזאָגונגען פון זיינע בעגייסטערטע תלמידים.

זייט מעהר אַלס 4000 יאָהר צוריק, האָט גאָט צוגע־זאָגט אברהמ'ען, דאָס ער וועט איהם בענשען און דאָס אַלע נאַציאָנען פון דער וועלט וועלען געבענשט ווערען דורך זיין זאַמען. ניט נאַר האָט גאָט דיזעס צוגעזאָגט, זאָנדערן ער האָט עס אויך פערשטאַרקט מיט אַ שבועה; און דער שליח פאול זאָגט אונז מיט אייננפאַכע ווערטער, דאָס דיזע צוויי זאַכען, גאָטס צוזאָג און די שבועה, קענען ניט צוריקגענומען ווערען און דאָס זיינע פערשפּרעכונגען מוזען אויסגעפיהרט ווערען. אויפ'ן סמך פון דיזען צוזאָג וואָס איז אונטערשטיצט מיט אַ שבועה, און פון נאָך אַזעל־כע שפּעטערדיגע הבטחות וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען צו די קינדער פון אברהם, האָבען אימער פרומע אידען

פון דער וועלט אויסגעקוקט אויף אַ צוקונפט ווען די גוטע זאַכען אין לעבען און אייביגע גליקליכקייט וועט געגעבען ווערען צו דער מענשהייט.

היינט זיינען די אויגען פון די אָרטאָדאָקסישע אידען פון דער וועלט געריכטעט צו פּאַלעסטינע. זיי קוקען אַרויף אויפהויבענדיג זייערע קעפּ, און אין מיליאָנען הערצער ווערט געבאָרען די האָפנונג, דאָס די צייט איז געקומען פאַר די אידען זיך צו פערזאַמלען אין פּאַלעסטינע און פאַר די גריינדונג דאָרטען פון אַ שטאַאט אָדער אַ רעגירונג פון אידען — פּיר אידען, אַזוי ווי גאָט האָט פעראָרדענט. זיי האָבען געהאָפט אויף משיח'ן פון אברהם'ס צייטען אָן, זיי קענען אָבער נאָך ניט קלאָהר בעשטימען די פּערזענליכקייט פון משיח.

אייביגעס לעבען אין אַ גליקליכען צושטאַנד איז דער גרעסטער פערלאַנג פון אַלע מענשען. סיי מענשען גלויבען אין גאָטס פערשפּרעכונגען אָדער זיי גלויבען ניט, וואָלט יעדער איינער דאָך צופרידען געווען צו וויסען אויף זיכער, דאָס עס איז דאָ אַזאַ מין זאַך ווי אייביגעס לעבען אין אַ גליקליכען צושטאַנד. נעהמענדיג אין אַנבעטראַכט דיזען שטאַרקען פערלאַנג און די מעהרערע בעווייזע וואָס אַמאָליגע הייליגע מענשען האָבען איבערגעגעבען וועגען אַזעלכע טייערע זאַכען אין דער צוקונפט, איז עס זאָנדערבאַר, דאָס מעהר מענשען האָבען ניט געזוכט צו דערגעהן וואָס עס איז דאָ צו וויסען וועגען דיזען שטאַנדפּונקט. די אורזאַכע איז, ווי דער שליח פּאול האָט אָנגעגעבען: „דער גאָט פון דיזער וועלט [דער שטן, דער אונזיכטבאַרער הערשער פון דיזער יעצטיגער סאָציאַלער אָרדנונג] האָט פערבלענדעט די געדאַנקען פון די וועלכע ווערען פערלאָרען, כדי דאָס די גרויסאַרטיגע בשורה פון ישוע המשיח, וועלכער איז די אָפּשפּיגלונג פון גאָט, זאָל ניט אַריינשיינען אין זייער הארצען." — (2 קאָרינטהיער 4 : 4).

פיעלע פעהיגע מענשען זיינען געוואָרען קריסטליכע גייסטליכע אין די פערגאַנגענע יאהרהונדערטע. דער גרויסער שונא, וויסענדיג זייערע שוואַכע זייטען, האָט אַנדערע בענוצט זיי צו חנפ'ענען, צו מאַכען זיי פאַר בעלי־גאוות און צו פערדרעהען זייערע קעפּ מיט וועלטליכע זאַכען; און דער גרעסטער טייל פון דיזע גלחים, נאָכגעבענדיג די פערפיהרערישע און גיפטיגע ווירקונג פון דעם שונא, זיינען אָפּגעטראָטען פון דער ביבעל, און האָבען בלינדערהייט געפיהרט דאָס פאָלק אין אַ פאַלשער ריכטונג. עס שיינט, דאָס זיי האָבען אינגאַנצען פערקוקט דעם פאַקט, דאָס גאָט האָט אַ גרויסען פּלאַן, וועלכען ער פעראורזאַכט זיך אויסצואוויקלען אין אַן אָרדנונגסמעסיגען, גרויסאַרטיגען אופן. אָבער די צייט איז אָנגעקומען, דאָס דאָס פאָלק זאָל וויסען דעם אמת, און דאָס די וועלכע ווייסען דעם אמת זאָלען בעפרייט ווערען פון די קייטען פון אונוויסענהייט און אבערגלויבען, און דאָס זייערע געדאַנקען זאָלען געפיהרט ווערען אין דער ריכטונג וואָס פיהרט צו אונענדליבער פרייד.

דער פערלאַנג פון דעם שרייבער איז צו פּרובירען אריינברייגען אין די געדאַנקען פון'ם פאָלק אַ ווילען צו בעטראַכטען פאָרזיכטיג און מיט געבעט די פערשפּרעכונגען פון גאָט. עס איז צו בעדויערען ווען גייסטליכע שטערען די אָנשטרענגונג וואָס איז געמאַכט געוואָרען צו לערנען די וואַרהייט פון דער ביבעל מיט דעם פאָלק; דאָך איז עס אַ פאַקט, דאָס מיר געפינען פיעלע שטערונגען אירבעראַל, און דאָס פיעלע גייסטליכע ווילען פּרובירען אָבצוהאַלטען דאָס פאָלק פון לעזען דאָס וואָס עס איז דאָ געשריבען. מיר פערזיכערען דעם לעזער, דאָס מיר האָבען קיין זייטיגען מיין ניט מיט דעם אַרויסשיקען פון דיזער שריפט; עס איז קיין פּראָפּאַגאַנדא, עס איז קיין פערלאַנג, אויך קיין פערזוך צו מאַכען דעם לעזער, ער

זאָל ווערען אַ מיטגליעד אירגענדוואו. דיזעס ווערק האָט קיין זעלבסטזיכטיגען צוועק; דער שרייבער האָט נאָר איין פּרעלאַנג, און דאָס איז צו ברייגגען דאָס פאָלק צו לעזען און צו פערהאָזען זיך אויף גאָטס צוזאָגען און דאַ־דורך צו האַלטען זייערע הערצער און געדאַנקען אין רו־היגקייט אין דיזער ענגסטליכער צייט אויף דער גאַנצער וועלט; צו טרייסטען די וואָס טרויערען און אָנצוצייגען זיי אויף אַ בעסערער צייט וואָס קומט באַלד אָן.

מיר זאָלען האַלטען אין געדאַנקען, דאָס דער גרויסער אַלוויסענדער בעשעפער האָט פריהער געהאַנדעלט אין פערלויף פון מעהר ווי 4000 יאָהר מיט געוויסע לייטע, איידער ער האָט געגעבען יעדען מענשען אַ געלעגענהייט צו קריגען אייביגעס לעבען. אויב ער, וועמענס וויסען איז פאָלקאָמען, האָט אָפּגעגעבען אַזוי פיעל צייט און ענערגיע צום אויסאַרבייטען אַ גרויסען פּלאַן, איז דאָך געוויס כדאַי פיר יעדען מענשען, אָהן אונטערשיעד צו וואָס פאַר אַ רעליגיאָן, ערציהונג אָדער פּאָליטישע אנזיכטען ער גע־הערט — דיזעס ריכטיג און זאָרגפעלטיג צו אונטערזוכען און בעטראַכטען.

זייט אברהם אבינו האָבען מענשען פון אונגעוועהנ־ליכען אינטעלעקט ניט נאָר פלייסיג געשטודירט גאָטס פּלאַן, זאָנדערן זיי האָבען אויך זייער לעבען געגעבען פיר דאָס פערשפּרייטען פון גאָטס אמת. עס זיינען געווען פיער און צוואַנציג הייליגע נביאים וועמעס רייד זיינען פערצייכענט אין תנ"ך. דיזע אַלע האָבען פאָראויסגע־זאָגט אַ צוקונפט פון גרויסער צופרידענהייט פאַר דעם מענשליכער ראַסע. זייערע אויסדריקע זיינען ניט זייערע אייגענע געווען, זאָנדערן זיי האָבען גערעדט ווי גאָטעס גייסט האָט זיי אָנגעפיהרט. עס איז געווען אונמעגליך פאַר אַ מענשליכען געדאַנק אַראָפּצוקוקען דורך אַ רייהע פון דורות און פאָראויסזאָגען וואָס די צוקונפט ווערט

ברייגנען מיט זיך ; אבער דיעזע פערשיעדענע נביאים, גע־
פיהרט דורך דעם אלוויסענדען בעשעפער וואס האט גע־
וואוסט דעם סוף ביים אנפאנג, האבען געשריבען און
גערעדט בלויז ווי ווערקצייגע פון גאט. גאט האט נאך
קיינמאל נים פערפעהלט אויסצופיהרען איין איינציגען פון
זיינע הבטחות. „ווארום איך בין דער האר, און ענדער
זיך ניט.“ (מלאכי ג : 6). „ער האט נים געלאזען פאלען
קיין איינציגען ווארט פון אלע זיינע גוטע צוזאגען.“
(מלכים א ח : 56).

אלע די וואס האבען געשטודירט די ביבעל זיינען
איינשטימיג, דאס די צייט מוז קומען ווען אלע פערשפרע־
כונגען פון גאט מוזען אויסגעפיהרט ווערען. גאט טהוט
יעדע זאך אין ארדנונג און פינקטליך אין דער צייט, וואס
האלט אוים נאך זיין צייט־רעכענונג און
ניט נאך מענשליכער צייט־רעכנונג. איין טאג איז ביי
איהם ווי טויזענד יאהר און טויזענד יאהר ווי איין טאג,
און וואס ביי גאט קען אויסקומען נאר זעהר א קורצע
ווייל אין צייט, קומט ביי דעם מענשען אוים א לאנגע־
דויער פיר די ערפילונג פון א צוזאג.

אלע ביבעל־קענער זיינען ווידער איינשטימיג, דאס
גאט האט איינגעטהיילט די סאציאלע ארדנונג וואס עקזיס־
טירט פון אנפאנג אן פון דעם וועלט־בעשאף אין עפאכען
וואס מיר רופען וועלטען, און פון וועלכען גאט רעדט ווי
פון וועלטען. דיזער געברויך פון דעם ווארט „וועלט“
מיינט די סאציאלע ארדנונג וואס עקזיסטירט אין א גע־
וויסער פעריאדע.

אין פערלויף פון כמעט נײנצעהן הונדערט יאהר האט־
בען קענערס פון דער געטליכער נבואה ערווארטעט און
זיך פארבערייטעט פאר דער ענדע פון דער וועלט. די
אורזאכע איז ווייל ישוע האט געלערנט דאס זי וועט זיך
ענדיגען. אבער פיעלע קריסטליכע לייטע זיינען אין איר־

מהום אַריינגעפאַלען, ווייל זיי האָט געפעהלט דאָס ווי־
סען פונ׳ם אונטערשייד וואָס עקזיסטירט צווישען דעם
סימבאָלישען און בוכשטעבליכען אויסדרוק פון דער בי־
בעל. צום ביישפיעל, דער גרויסער יאהן קאַלווין האָט
געלערנט, דאָס ווען די ענדע וועט קומען, וועט ישוע, ציי־
גענדיג זיך ווידער נעבען דער ערד, מאַכען, דאָס די וואָל־
קענס זאָלען אַרויסשפּריצען פייער אויף דער ערד און
אויף אַלעם וואָס איז אויף איהר, און אויף אַזאַ אופן וועלען
זיי פערניכטעט ווערען. אַ גרויסע מאַסע מענשען האָבען
געגלויבט, דאָס אַזאַ אַלבעוואוסטער גייסטליכער איז
אַודאי צו זיינע סברות געקומען דורך אַ ריכטיגער אויס־
טייטשונג פון דער ביבעל; און צוליעב דיעזער אורזאַכע
האָבען פיעלע זיך געגרייט מיט מורא און ציטערען אויף
דער ענדע פון דיזער וועלט.

דער פּשוטער שכל צייגט אונז, דאָס עס קאָן ניט זיין,
דאָס גאָט וועט בעשאַפען אַזאַ וואונדערבאַרע ערד און לאָ־
זען דעם מענשען איהר אין פיעלע פּלעצער צו קולטיווי־
רען אין דער גרעסטער שטופע—און דאַן מאַכען פון דער
גאַנצער אַרבייט אַ תל. אַזאַ זאַך איז אינגאַנצען אונפּאַסיג
פאַר זיין כאַראַקטער. עס האַרמאָנירט אויך געצליך ניט
מיט דער איינפאַכער לעהרע פון זיין וואָרט וואָס זאָגט:
„די ערד בלייבט שטעהן אויף אייביג." (קהלת א: 4) „וואָ־
רום אַזוי זאָגט גאָט וואָס האָט בעשאַפען די הימלען; דער
גאָט וואָס האָט געפלאַנעוועט די ערד און האָט איהר גע־
מאַכט; ער האָט איהר ניט אומזיסט געגרינדעט און בע־
שאַפען, ער האָט געפלאַנט איהר צומאַכען בעוואוינט."
(ישעיהו מה: 18). ווען די ביבעל רעדט פון אַ וועלט־
ענדע מיינט עס ניט בוכשטעבליך די ערד, נור עס בעציי־
כענט איין עפּאָכע אָדער אַ צייט־איינטהיילונג, אין וועל־
כער אַ געוויסע אָרדנונג פונ׳ם אַלגעמיינעם לעבען געהט
אָן. אום עס צו איבערצייגען מאַכט אונז די שריפט אויפ־

מערקזאַם, דאָס אַ „וועלט“ האָט עקזיסטירט פון אָדם הראשון'ס צייטען ביז'ן גרויסען מבול: „וואָדורך די וועלט וואָס איז דאַן געווען, זייענדיג פערפליצט מיט וואַסער, איז פערלאָרען געגאַנגען“, (2 פעטער 3:6). צום סוף פון מבול האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ נייע „וועלט“ און דערזעלבער שרייבער פון דער שריפט מאַכט אונז די פערשפּרעכונג, דאָס דיזע וועט זיך אויך ענדיגען. דיזע וועלט פעריאָדע איז פון מבול ביז'ן אָנקומען פון משיח'ס קעניגרייך, און דיזעס קעניגרייך וועט בעצייכענען אַן אָנפאַנג פון איין אַנדערער נייער וועלט, אָדער אַ נייע אָרדנונג פון'ם אַלגע־מיינעם לעבען.

אַלזאָ, די ערשטע וועלט האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דעם בעשאַף פון'ם מענשען און האָט זיך געענדיגט מיט דעם מבול. אין צייט פון מבול האָט זיך אָנגעפאַנגען די צווייטע וועלט, פון וועלכער די שריפט רעדט ווי פון „דער יעצטיגער שלעכטער וועלט;“ און גאָט האָט דייטליך גע־לאָזט וויסען דאָס די צווייטע וועלט, אָדער די סאָציאַלע אָרדנונג פון אונזיכטבאַרע און זיכטבאַרע זאַכען, וועט איבערגעאַנדערשט ווערען דורך אַ פייערדיגער צייט פון צרות; און דאַן וועט נאָכפאָלגען די צוקונפטיגע וועלט, די סאָציאַלע אָרדנונג פון לעבען. סט. פאַול לעהרנט אונז „צו פעראַנאַנדער נעהמען זיך ריכטיג אין דער לעהרע פון אמת;; און דאָס מיינט צווישען אַנדערע זאַכען, צו צופּאַ־סען די טעקסטען פון דער שריפט צו די פעריאָדען אָדער עפּאָכען צו וועלכער זיי געהערען; און צופּאַסענדיג זיי אין געהעריגען אופן, קען מען אַרויסזעהן דעם אָרדנונג־מעסיגען און מאַיעסטעטישען צוג פאָראויס פון דער געט־ליכער פּראָגראַם.

אַלע די וואָס שטודירען די ביבעל שטימען ווייטער איין, דאָס אַ קליינע ווייל אידער ישוע איז געקרייציגט געוואָרען, האָט ער געזאָגט זיינע תלמידים דאָס ער געהט

אוועק, אָבער דאָס ער וועט זיך צוריק אומקעהרען און זיי צונעהמען צו זיך, און דאָס זיין צווייטער קומען וועט בעצייכענען די ענדע פון דער וועלט, ד. ה. פון דעם סאָ־ציאַלען אָרדנונג וואָס האָט עקזיסטירט צו דער צייט וואָס ער איז געוועזען אויף דער ערד. אַנדערע שריפטען צייגען, דאָס צו יענער צייט וועלען די לאַנג פערשפראָכענע זאַכען, דהיינו, לעבען, פרייהייט און גליק געגעבען ווערען צו דער גאַנצער מענשליכער פאַמיליע.

אלע די וואָס שטודירען די געטליכע נבואה זיינען איינ־שטימיג, דאָס גאָטס פערשפרעכונגען דורך די נביאים דארפען אמאָל ערפילט ווערען, און דאָס די צייט אין וועל־כער די אָנגעלעגענהייט פון לעבען, פרייהייט און גליק, זאָל ערפילט ווערען פיר די מענשליכע ראַסע דאַרף זיך אָנהויבען, ווען דיזע וועלט ענדיגט זיך און אַ נייע וועלט הויבט זיך אָן; ד. ה., צו דער צייט, ווען די סאָציאַלע אָרד־נונג, וואָס האָט עקזיסטירט אין ישוע׳ס צייטען וועט פער־ביי געהן און עס וועט זיך אָנהויבען עטאַבלירען אַ נייע אָרדנונג. מיט אמונה האָבען די אַמאָליגע נביאים ערוואַר־טעט די עפּאָכע און האָבען דאַפון גערעדט מיט בעגייס־טערונג ווי פון אַ גאָלדענער צייט, ווייל אין פערלויף פון יענע דורות וועט משיח רעגירען און וועט עטאַבלירען גע־רעכטיגקייט אויף דער וועלט.

אַלזאָ וועלען דאַך אַלע מוזען צוגעבען, דאָס די ערשטע וויכטיגע פראַגע פיר אונזער אונטערזוכונג דאַרף זיין, ווען ענדיגט זיך דיזע וועלט? אויב מיר וועלען ענדליך קענען בעשטימען ווען דיזע עפּאָכע וועט זיין, וועט שוין דאַן זיין אַ גרינגע זאַך פעסטצושטעלען ווען די געטליכע פערשפרע־כונגען פון אייביגען לעבען צו דער וועלט אין אַלגעמיין וועט זיך אָנפאַנגען. דארום נעהמען מיר זיך אונטער אין דיזער אָבהאַנדלונג אויפצוצייגען דאָס די סאָציאַלע אָרד־נונג פון דער צווייטער וועלט האָט זיך געזעגענט געענ־

דיגט אין 1914, און דאָס פון דאַמאָלט אָן האַלט עס אין
ענדיגען זיך און אין גענצליך אָוועקגעהן; דאָס די נייע
אָרדנונג קומט אָן צו פערנעהמען דער אַלטער אָרדנונג'ס
פּלאַטץ; דאָס אין בעשטימטער צייט, וועט די אַלטע אָרד-
נונג אינגאַנצען אָבגעווישט ווערען און די נייע אָרדנונג
וועט אַריינגעהן אין פולער קראַפט; און דאָס דיזע זאַכען
וועלען שטאַטפינדען אין פערלויף פון דיזען דור; און דאָס
דאַרום זיינען דאָ מיליאָנען מענשען וועלכע לעבען יעצט
אויף דער ערד, וואָס וועלען דערלעבען זעהען דעם אָנקו-
מען פון דיזע זאַכען, צו וועמען עס וועט געשאָנקען ווערען
איביגעס לעבען און וועלכע וועלען קיינמאָל ניט מעהר
שטאַרבען, אויב זיי וועלען נאָכקומען די אָנגעגעבענע
תנאים און וועלען אָפּהיטען די פּונקטען וואָס מען וועט
זיי געבען. אויב דיזע פּונקטען קענען בעוויזען ווערען
דורך קאָמפּעטענטע ראיות, צופרידענשטעלענדיג דעם
שכל הישר, זאָל דאָך דאַן יעדער מענש דאָס אויפנעהמען
מיט שמחה און יעדער זאָל דאַן זיין ענטציקט, כאָטש עס
וואַרפט אום איינעמס פעסטגעשטעלטע מיינונגען, וועלכע
האָבען זיך פאָרמירט דורך די געוואוינהייט אין די איינ-
געגלויבטע זאַכען, און אין די פעלענער וואָס שטאַמען פון
מענשען. מיר לאַדען איין דעם לעזער, אַלזאָ, זאָרגפעלטיג
נאָכצופאָרשען יעדע בעהויפּטונג וואָס וועט דאָ געמאַכט
ווערען, צו זעהן אויב די אויספיהרונגען פאַסען זיך צו די
אָנגעגעבענע ציטירונגען פון דער ביבעל, און צו פערגליי-
כען דאָס אַלעס מיט די פּאַסירונגען פון דער יעצטיגען-
צייט וואָס אַלע קענען זעהן, און דאַן זאָל ער קומען צו אַ
בעשלוס וועגען די ראיות וואָס זיינען דאָ אָנגעגעבען גע-
וואָרען. יעדער מענש דאַרף זיך איבערצייגען מיט זיין
אייגענעם פערשטאַנד און קיינער דאַרף זיך ניט לאָזען אָב-
ווענדען פון'ם בעטראַכטען אַ פראַגע וואָס איז באַזירט
אויף דער ביבעל, דאַרום ווייל אַ גייסטליכער אָדער אימי-

צער אַנדערש ווערט מאַכען די אונבעגרינדעטע בעהויפּטונג דאָס מען טאָר זיך ניט אַריינקלערען אין אַזאַ זאַך אָדער דאָס עס איז ניט כדאי זיך אַריינצולאָזען אין אַזעלכע פראַגען. אירטהום זוכט די בעהאַלטענע ערטער, צו דער צייט וואָס אמת איז שטענדיג געשטאַרקט דורך די ליכטיגקייט. די ליכטיגקייט זוכט און לאַדעט אימער איין אַ געגצליכע און פולע אונטערזוכונג. ליכט און אמת העלפען זיך אונטער איינאנדער. זיי זיינען פאַר דעם פּראָגרעס, און דער וועג פון דעם גערעכטען איז אַזוי ווי די שיינענדיגע ליכטיגקייט, וואָס שיינט אַלץ מעהר און מעהר ביז אין פאָלקאָמענעם טאָג אַריין." (משלי ד: 18). דער פערפאַסער פון תהלים זאָגט אונז איינפאַך: „דיין וואָרט איז אַ לאָמפּ צו מיינע פיס. אַ ליכט אויף מיין וועג." (תהלים קיט: 105.)

## די צייט פון די גוים

דער אויסדרוק „די צייט פון די גוים" איז געברויכט אין דער שריפט צו בעצייכענען אַ פעריאָדע ווען די גוים זיינען די וואָס געוועלטיגען אויף דער וועלט. נאָכ'ן טויט פון יעקב האָט גאָט ישראל'ן געמאַכט פיר אַ פאָלק און האָט זיך מיט זיי פיר אַ בעשטימטע צייט פערנומען ווי מיט קיין אַנדער פאָלק. אָבער און ווידער האָבען זיי אָפּגעטראָטען פון זייער בונד מיט גאָט און ער האָט זיי געשטראָפט. אָבער און ווידער האָט ער זיי געוואָרענט געגען אַ שטראָף וואָס וועט לייגער געדויערען אויב די קירצערע שטראָפען העלפען ניט זיי צו פערבעסערען. זיי האָבען פיעל קעניגע געהאַט — איינינע זיינען געווען גוט, אַנדערע — שלעכט. צדקיהו איז געווען דער לעצטער קעניג, און ער איז געוואָרען אַזוי שלעכט דאָס גאָט האָט אַרויסגעגעבען אַ דעקרעט געגען איהם, זאָגענדיג: „דארום זאָגט גאָט אַזוי, ווייל איהר האָט געמאַכט דאָס אייערע אונגערעכטיגקייט וועט מען גערענקען, ווייל אייערע זינד

זיינען אויפגעדעקט געווארען, אזוי דאס אין אלע אייערע מעשים זעהט זיך אייער שלעכטס; דארום זאג איך, ווייל איהר זענט געווארען א געדעכטנים, וועט מען אייך אפ־ראמען און צו דיר, פערברעכעריש־זינדיגער פרינץ פון ישראל, וועמענס טאג איז געקומען, ווען צו די זינד וועט נעהמען א סוף, זאגט גאט אזוי: נעהם אראונטער די צירונג און די קרוין: דען עס וועט ווערען אן ענדערונג: דער יעניגער וואס איז נידריג וועט ווערען ערהויבען, און דער וואס איז הויך וועט ווערען נידריג. איך וועל עס קעהרען, קעהרען, קעהרען; און עס וועט מער דערפון ניט ווערען, ביז דער וועט קומען, ווער עס איז דאצו בערעכ־טיגט; און איך וועל עס איהם געבען.“ (יחזקאל כא: 24־27.

עס איז א גוט בעוואוסטער היסטארישער פאקט דאס צדקיהו איז געווארען גענומען א געפאנגענער ביים קעניג נבוכדנצר אין דער דערמאנטער צייט און איז געבראכט געווארען נאך בבל. נאכהער האבען אנדערע נאציאנען אויסגעאיבט איבער די אידען א קאנטראלירענדע אויפ־זיכט, איבערלאזענדיג זיי זייערע נאציאנאלע עקזיסטענץ, אזוי האט זיך עס געצויגען ביז'ן יאהר 73 נ. ק. וואס עס האט פאסירט צו דער צייט פון צדקיהו'ס ארונטערזעצונג איז געווען, דאס די קרוין, אדער הערשאפט, אדער דאס רעכט צו רעגירען איבער די נאציאנען פון דער ערד איז אוועקגענומען געווארען פון די אידען און דאס די גוים זיי־נען ערלויבט געווארען עס צו פערכאפען. די ערשטע אל־וועלטליכע רעגיערונג איז געווען די באבילאנישע, נאכהער איז געקומען די מדי־פערסישע, נאכהער די גריכישע און צולעצט זיינען פון דער רוימישער אימפעריע ארויסגע־וואקסען אלע גוי'אישע נאציאנען פון קריסטענגעוואלט. די שריפט בעשטימט ווי לאנג די צייט דארף זיין פיר די אידען צו ליידען די שטראף, און דאדורך אויך ווי לאנג גאט וועט ערלויבען די גוים צו האבען די ממשלה. אין

די בעשטימונג איז זיבען סימבאָלישע צייטען. (זעה ויקרא כו: 18). אַ צ י י ט אין דער שריפט איז בענוצט צו בע־צייכענען אַ סימבאָלישען יאָהר. נאָך דער יודישער צייט־רעכנונג האָט אַ יאָהר 360 טעג. אַ טאָג פאַר אַ יאָהר וועט אויסמאַכען דאָס יעדע צ י י ט דאַרף זיין 360 יאָהר לאַנג. די זיבען צייטען, אַלזאָ, דאַרפען דאָך זיין אַ דויער פון 2520 יאָהר, דורך וועלכער די גוים האָבען געקריגען אַן ערלויבע־ניש פון מאַכט און צום סוף פון וועלכער — זייער ערלוי־בעניש פון מאַכט דאַרף געזעצליך אויפהערען צו עקזיס־טירען.

דער דאַטום פון צדקיהו'ס פאַלען און דאָס אַרויפקומען פון נבוכדנצר'ס גוי'אישער ממשלה, וועלכע איז געווען די ערשטע גוי'אישע וועלט רעגירונג, איז גענוי בעשטימט, סיי אין דער וועלטליכער געשיכטע און סיי אין דער שריפט אַלס דאָס יאָהר 606 פאַר דעם יאָהר 1 נאָך דער אַלגעמיי־נער רעכנונג. אין דעם יאָהר 1 זיינען 606 יאָהר פערגאַנ־גען פון די 2520 בעשטימטע יאָהר; צוגעבענדיג צו 606 נאָך 1914 יאָהר וועט עס אויסקומען 2520 יאָהר. דארום מוז 1914 בעצייכענט ווערען אַלס דאָס יאָהר, ווען די ער־לויבעניש פיר די גוי'אישע מלוכות איז געענדיגט. דיזער דאַטום איז אונטערשטיצט מיט ראיות פון די פאַסירונגען, וועלכע בעשטעטיגען אויף געווים ווען די וועלט האָט גע־מאַכט אַן אָנפאַנג אונטערצוגעהן; ד. ה., ווען די אַלטע אָרדנונג האָט זיך גענומען רוקען און די משיח'ישע קראַפט אין מאַכט האָט אָנגעפאַנגען זיך צו צייגען פיר'ם בריינ־גען פון אַ נייער אָרדנונג.

נעהמענדיג אַלס ביישפיעל אַ מאַן וואָס האָט געקויפט אַן אייגענטהום וואו עס געפינט זיך אַ חורבה, אויף וועל־כען פלאַץ ער ערוואַרטעט קירצליך אויפצובויען אַ נייע געביידע; וועט דיזער מאַן ניט אָנפאַנגען, צום אַלעם ערש־טען, אָפרייניגען דעם פלאַץ, אַרונטערנעהמענדיג די חורבה

פון דאָרטען, איידער ער וועט זיך שטעלען בויען די נייע געביידע? אַזוי האָבען מיר אויך געדאַרפט ערוואַרטען, דאָס אין 1914, ווען די צייט פיר די טוישונג פון אייגענ־טהום איז געקומען, צו זעהן דעם משיח אויסאיבען זיין מאַכט, צוגרייטענדיג זיין ממשלה פון גערעכטיגקייט דורכ'ן חרוב מאַכען פון דעם אַלטען סיסטעם פון אונגע־רעכטיגקייט.

יעצט ברייגנען מיר די צייגענים פון אן עדות, וועמענס טהום איז געקומען, צו זעהן דעם משיח אויסאיבענדיג זיין אָנגענומען ווערען אַלס פאַלשטענדיג אמת. דיזער עדות איז ישוע הנוצרי. די אָרטהאָדאָקסישע אידען בעטראַכטען איהם אַלס אַ גרויסען לעהרער ביי אידען. די קריסטען האַלטען איהם ניט נאָר פאַר אַ גרויסען לעהרער, נאָר ער איז אויך ביי זיי אַנערקענט, אַלס דער זוהן פון גאָט, דער ערלייזער פון מענשען, דער רעטער פון דער וועלט, דער מלך הכבוד. ער צייגט אָן דאָס די גוים וועלען טרעטען אויף די אידען ביז די צייט פון די גוים וועט אויסגעפילט ווערען. (לוקאס 21 : 24.) ער האָט געגעבען סמנים צו יוחנן דעם אָפענבאַרער וועגען דעם, וואָס עס וועט פּאַסירען, ווען יענע צייט וועט אָנקומען ווען ער, דער משיח, וועט אָנפאַנגען אויסצואיבען זיין קעניגליכע מאַכט. ער שטעלט פאָר די נביאים, די יעניגע וואָסריידען אין גאָטס נאָמען, ווי זיי זאָגען וועגען איהם, דעם משיח: „מיר דאַנקען דיך, אָ הערר, אַלמעכטיגער גאָט, דער וואָס איז, איז געווען און וועט זיין; דען דו האָסט זיך אָנגענומען מיט דיין גרויסען כח און האָסט געקיניגט (האָסט אויסגעאיבט קעניגליכע אויטאָריטעט.) און די נאַציאָנען זיינען אין כעס, און דער צאָרן איז אָנגעקומען.“ (אפענבארונג 11 : 17, 18)

דאָ, אַלזאָ, זעהן מיר דייטליך, דאָס די גוי'אישע צייי־טען האָבען זיך געענדיגט, אין הערבסט פון 1914. צו יענער צייט, אין אנקלאנג מיט דער נביאישער בעהויפטונג,

זיינען די נאַציאָנען געוואָרען אין כעס, און גאָטס צאָרן איז פון יענער צייט אָן אויף די נאַציאָנען. יעדע נאַציאָן אויף דער וועלט איז געוואָרען שוואַכער.

## די ענדע פון דער וועלט

אום אינגאַנצען צו פערשטאַרקען דיזע צייגניס, ווייזען מיר אָן צו אַן אַנדער צייגניס פון ישוען, וואָס איז פאָרגע־בראַכט אין דעם 24טען קאַפּיטעל פון מתתיהו און וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרען נאָר אייניגע טעג איידער מען האָט איהם געקרייציגט, נעמליך אין פריהלינג פונ'ם יאָהר 33: „ווען ער איז געזעסען אויפ'ן הר הזיתים, זיינען די תלמידים געקומען צו איהם אין אַ פּריוואַטען אופן, זאָגענ־דיג, זאָג אונז, ווען זאָלען די זאַכען זיין? און וואָס זאָל זיין דער צייכען פון דיין געגענוואַרט און פון דעם ענד פון דער וועלט?" וואָרנענדיג זיי ניט צו ווערען פערפיהרט דורך אַנדערע לעהרען, האָט דער הער איינפאַך געענט־פערט זייער פראַגע: „נאַציאָן וועט אויפשטעהן געגען נאַציאָן און קעניגרייך געגען קעניגרייך; און עס וועט זיין הונגער, מגפות, ערדציטערניש, אין פערשידענע פלעצער. דיזע אַלע זאַכען איז דער אָנפאַנג פון צרות." (מתתיהו 24: 7, 8.) אין אַנדערע ווערטער, ער דייטעט אָן דאָס אַ גרויסע וועלט מלחמה וועט אָנקומען, אין וועלכער די נאַציאָנען און קעניגרייכען פון דער ערד וועלען זיין פערוויקעלט. דיזע גרויסע מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען גראַדע אין צייט, צום סוף פון דער גוי'אישער מאַכט; און דאַן האָט דער אַלטער אָרדנונג אָנגעפאַנגען אַוועקצוגעהן. די מלחמה וואָס האָט אַריינגענומען אַלע נאַציאָנען פון דער וועלט, האָט געדויערט אונגעפעהר פיער יאָהר, און קיינמאָל אין דער מענשליכער געשיכטע איז ניט פערניכטעט געוואָרען אַזוי פיעל מענשליכע לעבענס און אַזוי פיעל פערמעגענס.

עס איז אויך צו בעמערקען, דאָס ישוע האָט געזאָגט, דאָס נאָך דיזע זאַכען וועט אָנקומען אַ הונגער. פון דער צייט וואָס די מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען האָט די וועלט זעהר געליטען פון דעם מאַנגעל אין שפייז. אין פיעלע אייראָפּעאישע לענדער זיינען טויזענדער מענשען בוכשטעבליך אויסגעגאַנגען פון הונגער. עס איז צו בעמערקען אַ שפּייז־מאַנגעל, אַן אימער שטייגענדע העכערונג פון די לעבענס־קאָסטען אין אַלע לענדער פון דער וועלט. דאָס איז ניט דאַרום ווייל די ערד פּראָדוצירט וועניגער, אויך ניט דאַרום ווייל מענשען קענען שוין ניט מעהר אַזוי גוט פלאַנצען און פּראָדוצירען; זאָנדערן עס קומט פון די ניט איינגעאָרדענטע קאָנדיציאָנען וואָס האָבען נאָכגעפאָלגט די וועלט מלחמה. ישוע האָט אויך דייטליך פאָראויסגעזאָגט, דאָס אַזעלכע קאָנדיציאָנען וועלען מיטגעהן מיט דער מלחמה; און דאָס איז אַן אַנדער ראיה, דאָס 1914 איז געוועזען דער אָנפאַנג פון דער ענדע פון דער וועלט; דען ישוע האָט איינפאַך געזאָגט: „דאָס זיינען אַן אָנפאַנג פון צרות.“

ווידער איז צו זעהן, דאָס ישוע האָט געזאָגט דאָס מיט דער מלחמה און הונגער וועט מיטגעהן אַ מגפה. דאָס איז בוכשטעבליך געוועזען ערפילט. די שפּאַנישע אינפלוענציע האָט געבושעוועט אויף דער ערד און דיזע מורא'דיגע מגפה האָט געמאַכט אין וועניגער ווי צוועלף מאָנאַטען צוויי מאָל אַזוי פיעל קרבנות ווי די גרויסע וועלט מלחמה האָט געבראַכט אין פיער יאָהר; און יעצט ווערען די פעלקער פון אייראָפּא געוואָרענט געגען דער שרעקליכער קראַנקהייט פון טיפוס וועלכע קומט דאָרט אָן.

ווידער האָט ישוע געזאָגט; דאָס נאָך דער מלחמה, הונגער און מגפות וועלען אָנקומען ערציטערנישען. עס האָט אָפט פּאַסירט, דאָס ישוע האָט זיך בענוצט מיט סימבאָלישע אויסדריקע; ער האָט אַזאַ שפּראַך אָדער פער־

שטעלטע רייד געבריבען, אום דאָס מען זאָל דעם ריכטי־
גען מיין ניט איבערגעפינען ביז די צייט וועט דאַפיר קומען.
אין ביבלישער סימבאָל־שפּראַך מיינט ערד־ציטערניש רע־
וואָלוציאָן: נאָך דער מלחמה זיינען געקומען הונגער,
מגפות און רעוואָלוציאָנען אין פיעלע לענדער — פיעלע
דורך בלוט־פערגיסונג און פיעלע אָהן דעם. רוסלאַנד האָט
דורכגעמאַכט אַ רעוואָלוציאָן און די באַבילאָנישע סיסטעמע
איז דאָרט געפאַלען. די זעלבע זאַך האָט פּאַסירט אין
דייטשלאַנד, אין עסטרייך און אונגאַרן; און דער גייסט
פון רעוואָלוציאָן איז פאַרטיג איבעראַל. דאָס מיינט נאָך
ניט די ענדע פון צרות, אָבער עס מיינט, אין ישעיה׳ס ווער־
טער, דאָס די אַלטע וועלט האָט זיך געזעגנט (געענדיגט) אין
1914, און דאָס די אַרבייט פון צואוואַרפען די אָפגעניצטע
סיסטעמען געהט יעצט אָן, צוגרייטענדיג פּלאַץ פיר׳ן
אַריינפיהרען פון משיח׳ס קעניגרייך.

## אונטערשטיצענדע צייגניסע

עס וועט זיין אינטערעסאַנט דאָ צו עקזאַמינירען אַ
בילד, וואָס גאָט האָט געלאָזט פאָרשטעלען מיט דורות
צוריק. דער נביא אליהו איז בענוצט געוואָרען אלס אַ טיפּ
פון די איפריכטיגע נאָכפאָלגער פון ישוע המשיח. זיין
רייזע צום באַרג חורב שטעלט פאָר די רייזע פון די אמת׳ע
משיחיים צו דער צייט פון דער ענדע פון דער וועלט. דער
האַר האָט איהם געהייסען געהן און זיך שטעלען אויפ׳ן
באַרג, פאָרשטעלענדיג די געמיינדע פון גאָט אין אַ לאַגע
פון איבערזיכט אויף אַלע פּאַסירונגען אַרום, וועלכע קומען
פאָר און וועלכע וועלען נאָך פאָרקומען. דער האַר האָט
געזאָגט צו אליהו׳ן: „געה אַרויס און שטעל זיך אויפ׳ן
באַרג אין געגענוואַרט פון דעם האַר. איך זעה נור, דער
האַר געהט פאַרביי. און אַ גרויסער און שטאַרקער ווינד
צורייסט די בערג (סימבאָלישער בילד פון קעניגרייכען).

און ברעכט אין שטיקלעך די פעלזען (שטאַרקע טיילען פון זיי) אין געגענוואַרט פונ'ם האַר; אָבער דער האַר איז ניט געווען אין דעם ווינד (סימבאָל פון מלחמה), און נאָכ'ן ווינד אַן ערדציטערניש (סימבאָל פון רעוואָלוציאָן); אָבער דער האַר איז ניט געווען אין דעם ערדציטערניש: און נאָכ'ן ערדציטערניש אַ פייער (סימבאָל פון גרעסערע צרות); אָבער דער האַר איז ניט געווען אין דעם פייער: און נאָך דעם פייער אַ שטילער און קליינער קול" (מלכים א:ט 11, 21.

אין 1898 האָט פּאַסטאָר ראָססעל, דער גרעסטער ביבעל פאָרשער פון דער מאָדערנער צייט, געזאָגט, אין אַ ערקלעהרונג אויף דער אויבענדערמאָהנטער שטעלע פון תנ"ך, ווי פאָלגט:

„די פיער פאָרשטעלונגען וואָס דער האַר האָט געגעבען צו אליהו, שטעלען פאָר, גלויבען מיר, די אויפדעקונגען, הורך וועלכע דער האַר וועט באלד זיך צייגען צו דער מענשהייט; די ערשטע דריי — פיר'ם צוגרייטען די מענשען פיר דער לעצטער, וועלכע וועט מיט זיך ברייננגען די ערוואַרטעטע ברכות צו אלע פאמיליעס פון דער ערד. דיזע זיינען:

„(1) די מעכטיגע ווינדע; וואָס צורייסען אפילו די פעלזען. בלאָזענדיגע ווינדען, זעהט אויס, שטעלען מיט זיך פאָר מלחמות אין תנ"ך. די פינסטערע וואָלקען פון די מלחמות, וועלכע האָבען מורא'דיג געסטראשעט די ציוויליזאציאָן דורך די לעצטע דרייסיג יאָהר, זיינען מיט נסים אָפּגעהאלטען געוואָרען אום צו געבען די געלעגענהייט פיר'ם שטעמפּעל פון אמת געלייגט צו ווערען אויפ'ן שטערען (שכל) פון גאָטס געהייליגטע. מיר דארפען דארום ערוואַרטען דאָס ווען דיזע ווינדען פון מלחמה וועלען לויז געלאָזען ווערען, צו זעהן אַ כוואַליע פון מלחמה וואָס וועט צוטהיילען מלוכות (בערג) — פאָרגעציינט אין דעם שרעקליכסטען ווינד וואָס איז געוויזען געוואָרען צו אליהו (מלכים א' יט: 11) וואָס האָט צוריסען די פעלזען. אָבער

גאָטס קעניגרייך וועט ניט נאָכפאָלגען די מלחמה עפּאָכע; די וועלט וועט אזוי נאָך ניט פאַרבערייטעט ווערען פאר עמנואל'ס מלוכה. ניין; מען וועט דארפען און מען וועט אויך געבען אַן אנדער לעקציאָן. דאָס איז פאָרגעשטעלט אין

"(2) ע ר ד צ י ט ע ר נ י ש. אין תנ"ך שיינט עס אימער פאָרצושטעלען רעוואָלוציאָן; און עס איז ניט אונלאָגיש צו ערווארטען, דאָס אַ צייט פון אלגעמיינע מלחמה וועט אזוי איופהייבען די נידריגע שיכטען פון אייראָפּע און זיי מאכען אזוי אונצופרידען מיט זייער גורל (ספעציעל מיט די קאָנדיציאָנען וואָס וועלען זיין נאָך אזא מלחמה) דאָס רעוואָלוציאָן וועט זיין די נעקסטע זאַך וואָס וועט אָנקומען. (אפענבארונג 16 : 18.) אָבער, כאָטש די רעוואָלוציאָנערע ערפאַרהרונגען וועלען דער וועלט פאלען שווער, וועלען זיי דאָך זיין ניט גענוגענד, אום צו מאַכען דאָס דאָס מענשליכע הארץ זאָל זיין פערטיג צו הערען די שטימע פון גאָט. מען וועט נאָך דארפען

„(3) פ י י ע ר פ ו ן ה י מ ע ל — איין עפּאָכע פון געטליכע ריכטען און שטראָפען איבער אַ כעס'דיגע אָבער ניט בע־קעהרטע וועלט, פערווילדעט דורך אַנאַרכיע, ווי אנדערע שטעלען אין דער שריפט צייגען אונז. די רעזולטאטען פון די מלחמות, רעוואָלוציאָנען און אנארכיע מיט דעם ניט־איינגעבען זיך פון זייערע פּלענער, וועלען ווירקען, דאָס די מענשהייט וועט אָנקרי־נען אַ דעמיטהיגען גייסט און וועט ווערען פערטיג צו עמפפאַנ־גען גאָטס זעלבסט־אפענבארונג אין

„(4) אַ ש ט י ל ע ן א ו ן ק ל י י נ ע ם ק ו ל. יע. דער וואָס האָט גערעדט צו די ווינדען און די כוואַליעס פון דעם ים פון גליל וועט, צו דער בעשטימטער צייט, ריידען שלום צו די פעלקער. ער וועט ריידען מיט אויטאָריטעט, בעפעלענדיג דאָס היטען פון זיין געזעץ פון ליעבע וואָס איז לאַנג ניט בע־אָבאכטעט געוואָרען. און דער וואָס וועט ניט פאָלגען דעם פראָפעט וועט פערשניטען ווערען פון זיין פאָלק — אפּאָס־טעל געשיכטע 3 : 23". (דער פערפערטיגטער סוד פון גאָט.)

יעדער שטרענגער בעאָבאַכטער וועט צוגעבען דאָס דיזע נבואה איז שוין געוואָרען טהיילוויין ערפילט און עס האַלט נאָך אין לויף פון ערפילונג.

## ישראל'ס דאָפּעלטע צייט

דאָס אידישע פאָלק האָט גאָט בענוצט אַלס אַ מוסטער־פאָלק. זייער גאַנצע געזעץ האָט פאָראויס אָפּגעשפּיגעלט די בעסערע זאַכען וואָס דאַרפען אָנקומען אין דער צוקונפט. (העברעערבריעף 10 : 1) מיר זאָלען געדענקען שטענדיג דאָס נבואה מיינט אין פאָראויס געשריבענע געשיכטע, ד. ה. דאָס דער געטליכער געדאַנק האָט געוואוסט פון אָנפאַנג די ענדע און האָט פעראורזאַכט די פאָלגענדע פונקטען פערשריבען צו ווערען אום דאָס די יעניגע וואָס לעבען אין צייט ווען די זאַכען פאַסירען זאָלען עס לעזען. לאָמיר נאָכפאָלגען דאָס צייגנים פון ישוע אויף דיזען פונקט. ער האָט געזאָגט: „יעצט לערען אַ גלייכעניש פונ'ם פייגענבוים: ווען זיין צווייג איז נאָך ניט רייף און ער צייגט שוין בלעטער, ווייסט איהר דאָך דאָס זומער איז נאָהענט: אַזוי אויך איהר ווען איהר זעהט אַלע דיזע זאַכען, זאָלט איהר וויסען דאָס עס איז נאָהענט, זאָגאַר ביים טיהר.“ (מתתיהו 24 : 32, 33.) דער פייגען בוים דאָ איז אַ סימבאָל פון אידישען נאַציאָן. מיר קומען צו דיזען בעשלוס פון דעם וואָס ישוע זעלבסט האָט געזאָגט, שילטענדיג דעם פייגענבוים עטליכע טעג, איידער ער האָט דיזע אויבען־דערמאָהנטע ווערטער אַרויס־געזאָגט (מתתיהו 21 : 20,19).

גאָט, דורך זיין נביא ירמיהו, האָט פאָראויסגעזאָגט, דאָס די העכסטע שטופע פון זייער שטראָף וועט קומען ווען ער וועט זיי אַרויסטרייבען פון פאַלעסטינא צו איין אַנדער לאַנד, וואו זיי וועלען אונטערדריקט ווערען און דאַרפען דיענען אַנדערע פעלקער דיזעלבע צייט וואָס ער

האָט זיי געוויזען זיין גנאָד. די ווערטער פון נביא זיינען: „זעה, עס קומען צייטען, זאָגט דער האר, ווען מען וועט שוין מעהר ניט זאָגען, דער לעבעדיגער גאָט, וואָס האָט די אידען פון מצרים ארויסגעפיהרט, זאָנדערן דער לעבע־דיגער גאָט, וואָס האָט די אידען אַרויסגעבראַכט פון צפון־לאַנד, און פון אַלע לענדער, וואו ער האָט זיי דאָרט פער־שטויסען. און איך וועל זיי צוריק ברייננגען אין זייער לאַנד, וואָס איך האָב געגעבען צו זייערע עלטערען. זעה, איך שיק נאָך פיעל פישער, זאָגט דער האַר, וועלכע זאָלען זיי פאַנגען, און דערנאָך וועל איך שיקען נאָך פיעל יעגער, וועלכע זאָלען זיי פעריאָגען פון יעדען באַרג, און פון יעדען הויכען פלאַץ, און פון די שפּאַלטען פון די פעלזען. דען איך זעה אַלע זייערע וועגען, זיי זיינען ניט פערבאָר־גען פון מיר, און זייערע זינד זיינען ניט פערדעקט פון מיינע אויגען. אַזוי נאָך וועל איך האָבען בעצאָהלט צו־ערשט זייערע געדאָפּעלטע שולד און זייער זינד, ווייל זיי האָבען פעראונרייניגט מיין לאַנד מיט די טויטע קערפּער פון זייערע געצען, מיין נחלה איז דאָמיט פול גע־זאָרען". (ירמיהו טז: 13־18.)

אָט דאָ קענען מיר זעהן, דאָס גאָט האָט ניט נאָר פאָראויסגעזאָגט זייער פערטרייבונג און שטראָף, זאָנדערן אויך דאָס ער וועט זיי ענדליך ברייננגען אין פאַלעסטינא; און דאָס דער דויער פון זייער שטראָף וועט זיין אַקוראַט דאָפּעלט — גלייכע טהיילען אָדער פערצווייפאַכונג — פון דער צייט וואָס זיי האָבען גענאָסען פון זיינע חסדים. „איך וועל זיי פריהער בעצאָהלען פיר זייער שולד און זינד דאָס דאָפּעלטע." דאָס העברעאישע וואָרט פיר דאָפּעלט, מיינט אויך ווידערהאָלונג אָדער איבערגעהן נאָכאמאָל. אלזאָ, אויב מיר וועלען געפינען די ריכטיגע סמנים פון גרענעצען פיר דיזע צייט־איינטהיילונגען, ווען יעדע האָט זיך אָנ־געפאַנגען און געענדיגט, וועלען מיר שוין קענען אויך אָנ־

דייטען, ווען גאָט דאַרף אומקעהרען זיינע חסדים צו אידען אין צוזאַמען דאַמיט די אַנדערע זאַכען וואָס היינגען אָפּ פּין בליהען פון פייגענבוים, ווי אויבען בעשריבען.

גאָט אַליין איז דער דאָלמעטשער פיר זיך און ער מאַכט קלאָהר זיין פּלאַן צו די יעניגע וואָס ווילען עס פערשטעהן און שטודירען. דורך אַן אַנדער נביא גיט ער אונז דעם שליסעל וואָדורך מיר קענען אויסגעפונען אפילו דעם טאָג ווען דיזער דאָפּעלט האָט זיך אָנגעפאַנגען. דער נביא גיט אונז איבער די פאָלגענדע ווערטער צו ירושלים: „פרעה דיך זעהר, דו טאָכטער ציון, יובעל, דו טאָכטער ירושלים, זעה דיין קעניג קומט צו דיר; ער איז אַ צדיק און ער האָט הילפע, ער איז אָרים און רייט אויף איין אייזעל און אויף א יונגען אייזעל. קעהרט זיך אום צו אייערע פעסטונגען, איהר געבונדענע אין דער האָפנונג, יאָ אפילו היינט זאָג איך אַן דאָס איך וועל דיר דאָפּעלט צוריקגעבען (בעשטראָפען)". זכריה ט: 12,9.) דיזע פּראָפעטישע מעלדונג האָט דאָך שוין געמוזט מקוים ווערען, און ווען עס איז מקוים געוואָרען איז דאַמאָלס אויך געווען, זעהט עס אויס, די צייט ווען די ט ה י י ל ע ן פ ו ן ד אָ פּ ע ל ט האָבען זיך גע־גרענעצט.

## די נבואה איז ערפילט געוואָרען

דעם 10טען ניסן פון יאָהר 33, וואָס טרעפט זיך צו־זאַמען מיט'ן מאָנאַט אפּריל, איז ישוע הנוצרי אַריינגעריטען אין ירושלים אויף איין עזעל און האָט מיט זיך פּאָר־געשטעלט דעם אידישען קעניג. מתתיהו בעשרייבט עס אַזוי: „און ווען זיי זיינען געקומען נאָענט צו ירושלים צום הר־הזיתים, און זיינען געווען ביי בית־פּג, האָט דאַן ישוע געשיקט צוויי תלמידים, זאָגענדיג צו זיי, געהט אין דעם דאָרף געגענאיבער איך, און איהר וועט זאָפאָרט גע־פינען אַן עזעלין צוגעבונדען און איהר יונגען עזעל נעבען

איהר: בינדט זיי אָפּ און ברענגט זיי צו מיר. און אויב אימיצער וועט אייך עפּעס זאָגען, זאָלט איהר זאָגען: דער האַר דאַרף זיי; און מען וועט אייך זיי זאָפאָרט לאָזען האָבען. דאָס איז געטאָהן געוואָרען, אום עס זאָל מקוים ווערען די רייד פון נביא צו דער טאָכטער פון ציון, זעה דיין קעניג קומט צו דיר, בעשיידען, זיצענדיג אויף אַן עזעל און אַ יונגען עזעל געבאָרען פון דער עזעלין. די תלמידים זיינען געגאַנגען און האָבען געטאָהן ווי ישוע האָט זיי גע־הייסען און האָבען געבראַכט די עזעלין און דעם יונגען עזעל. און זיי האָבען אַרויפגעלעגט זייערע קליידער און האָבען איהם דאָרט אַרויפגעזעצט. און זעהר אַ גרויסע מאַסע האָבען פערשפּרייט זייערע קליידער אויפ׳ן וועג: אַנדערע האָבען אָפּגעשניטען צווייגען פון די ביימער און האָבען עס אויסגעלייגט אויפ׳ן וועג. און די מאַסע וואָס איז געגאַנגען פאָראויס און וואָס איז געגאַנגען פון הינטען, האָבען אויסגעשריען די ווערטער: הושענא לבן דוד: ברוך הבא בשם ה׳, הושענא במרומים.״ — „מתי׳ 21 : 1־9.

דאָ, אַלזאָ, זעהן מיר אַ פּאזיטיווע בעמערקונג פון זכריה׳ס נבואה, וואו דער טאָג אפילו איז בעצייכענט; דען דער האַר זאָגט דאָרט, „היינט מעלד איך, דאָס איך וועל געבען ד אָ ס ד אָ פּ ע ל ט ע צו דיר״. יענער טאָג, אַלזאָ, איז געווען דער סמן פון דעם מיטעלפּונקט אין דער געשיכטע פון אידען. עס איז פון דער גרעסטער וויכטיג־קייט אויסצוגעפינען, יעצט, ווי לאַנג גאָט׳ס חסדים זיינען געווען דער מעשטאַב פיר אידען. דאָס אידישע פאָלק האָט אָנגעהויבען זיין עקזיסטענץ פון יעקב׳ס טויט, צו דער צייט וואָס ער האָט גערופען זיי־נע צוועלף זיהן צו איהם און האָט זיי געבענטשט; דאַמאָלס, אַלזאָ, איז געווען דער אָנפאַנג פון גנאָד צו ישראל. פון יעקב אבינו׳ס טויט ביז דעם 10טען ניסן פון יאָהר 33 איז געווען 1845 יאָהר. דאָס

מיינט, דאָס פון דעם 10טען ניסן פון יאָהר 33 האָט זיך
אָנגעהויבען צו רעכענען די צייט פון צרות, ווען פאַלעסטי־
נא האָט אָנגעהויבען אונטערצוגעהן און די אידישע נאַציאָן
— צו צושמעלצען; און פון יענער צייט אָן, אַקוראַט אין
פערציג יאָהר שפּעטער, איז פּאַלעסטינא חרב געוואָרען.
אין אַנדערע ווערטער, ביים אויספיהרען פון ד ע ר ד אָ־
פּ על ט ע ר צ י י ט האָט גאָט צוגעגעבען 40 יאָהר —
פון אָנפאַנג פון דער פעריאָדע ביז פּאַלעסטינא איז אינ־
גאַנצען וויסט געוואָרען. אַלס ראיות דאַפיר ברייגנען מיר
די פאָלגענדע היסטאָרישע בעריכטע:

„עס איז אפשר אַם פּלאַץ אויך צו בעמערקען די זאַ־
כען, וועלכע האָבען פּאַסירט און וואָס צייגען די גוטסקייט
פון אַלגנעדיגען גאָט וואָס זעהט אַלע זאַכען פאָראויס. ער
האָט אָפּגעהאַלטען זייער חורבן אויף פערציג יאָהר, נאָכ־
דעם ווי זיי האָבען בעגאַנגען גוואַלדטהאַטען געגען דעם
משיח" (איזעביו'ס געשיכטע פון די קהלות). „דעם 15טען
ניסן, ד. ה. אפּריל, פון יאָהר 73, דעם ערשטען טאָג פון
יום טוב פסח, אין דעם זעלבען טאָג אין וועלכען, נאָך דער
קבלה, גאָט האָט אַרויסגעפיהרט די אידען פון מצרי'שע
שקלאַפעריי צו פרייהייט, איז געפאַלען דער לעצטער שוץ
פון אידישער פרייהייט און אידען זיינען ווידער פער־
שקלאַפּט געוואָרען" (קאָרניל'ס געשיכטע פון אידישען
פאָלק). „מסדה האָט פערנומען אַ וויכטיגען פּלאַץ אין
דער מלחמה מיט די רומיים . . . דורכ'ן פאַל פון מסדה איז
די מלחמה געענדיגט געוואָרען דעם 15טען ניסן פון 73טען
יאָהר." (די אידישע ענציקלאָפּעדיע). „דאָס איינגעהמען פון
מסדה, אַ אידישע פעסטונג אויף דעם דרום־מערב'דיגען
ברעג פון ים המלח, האָט געבראַכט צו אַן ענדע איינע פון
די שרעקליכסטע מלחמות וואָס זיינען פערצייכענט אין
היסטאָריע" (אין יאָהר 73). — „מורריסאָן'ס „אידען אונטער
רוימישער הערשאַפט." „יהודה איז ניט אינגאַנצען געווען

איינגענומען, ווייל די גרויסע פעסטונגען זיינען נאָך געווען טיכטיג: הוראדיום, מאכערוז און מסדה... די העלדען האָבען, מיט גרוים ענטוזיאַזם, איינגעשטימט צו דיזען פאָרשלאַג (פון זייער פיהרער אליעזר), און הרג'ענענדיג פריהער זייערע אייגענע ווייבער און קינדער, זיינען זיי געפאַלען דורך זייער אייגענער שווערד. דאָס איז געווען דער ערשטער טאָג פסח פון 73טען יאָהר". (גרעץ'ס אידישע געשיכטע, באנד 2.) „אליעזר האָט פאָלגליך איבערצייגט אַלע זיינע לייטע יענע נאַכט צו הרג'נען זייערע ווייבער און קינדער און נאָכדעם זיך זעלבסט, אָבער פריהער זאָלען זיי פערברענען זייער האָב און גוטס. דעם נעכסטען טאָג האָבען די רוימער געפונען נאָר 960 טויטע קערפּערס, צו דער צייט וואָס נור צוויי פרויען און קינדער האָבען זיך בעהאַלטען אין קעלערס, וואו מען האָט זיי געפונען. די ענדע פון דיזער גאַנצער טראַגעדיע האָט פּאַסירט אַקוראַט 7 יאָהר פון אָנפאַנג פון דער גרויסער בעוועגונג און 40 יאָהר נאָך די קרייציגונג פון משיח." (אויוואלד'ס געשיכטע פון די אידען, באנד 7.) דער היסטאָריקער יוסיפוס בעשטעטיגט דיזע דאַטומס.

## דאָס דאָפּעלטע הויבט זיך אָן ענדיגען

ווי עס איז שוין אָנגעגעבען געוואָרען האָט ד אָ ס ד אָ פּ ע ל ט ע זיך אָנגעהויבען צו רעכענען אין פריהלינג פון יאָהר 33; און אַזוי ווי די פּעריאָדע פון גנאָדען איז געווען 1845 יאָהר, מוז דאָך די פּעריאָדע פון שטראָף אויך זיין 1845 יאָהר. ווען מיר גיבען צו 1845 צום 33טען יאָהר וועט עס אונז ברייגנען צום יאָהר 1878; און נאָכ'ן פּלאַן פון גלייכע צייטען אָדער דאָס ד אָ פּ על ט ע, האָבען מיר געדאַרפט געפינען אויב מיר האָבען ריכטיג גערעכענט, דאָס גאָטס חסדים צו די אידען האָבען זיך געדאַרפט לאָזען

שפּירען אַרום דאָס יאָהר 1878. אין אַנדערע ווערטער, דאָ האָט זיך געדאַרפט אָנפאַנגען דאָס בליהען פון סימבאָלישען פייגען־בוים און האָט זיך אויך געדאַרפט לאָזען שטאַרקער פיהלען אין פערציג יאָהר שפּעטער, אָדער אין 1918, איבּ די גלייכהייט פון די פעריאָדען זאָלען אייס־האַלטען.

## די חסדים הויבען זיך ווידער אָן

אַ פּאַסירונג וואָס האָט קיין גלייכען געהאַט אין מעהר אַלס 1800 יאָהר, איז פאָרגעקומען אין זומער פון 1878 — די צייט, אין וועלכער מיר האָבען געדאַרפט ערוואַרטען חסד פאַר'ן אידישען פאָלק. איך וועל ציטירען פון דער אידישער ענציקלאָפּעדיא, אַן אנערקענטער אויטאָריטעט: „רוסלאַנד האָט געוואונען די מלחמה מיט טערקיי און האָט בעוויזען איהר אפּצואווישען פון אייראָפּא דורך דעם אָפּ־מאַך פון סאַן־סטעפאַנאָ. ביקאָנספילד, דער הויפּט מיניס־טער פון גרויס בריטאַניע, אַ איד, וועלכער איז גרויס גע־וואָרען אין 1874, האָט געשיקט אַ פלאָטע אין די דאַרדאַ־נעלען און האָט געשיקט אינדישע סאָלדאַטען קיין מאַלטא אַלס אָנצוהערעניש פיר רוסלאַנד. דיזע האָט נאָכגעגעבען צו בעטראַכטען נאָך אַ מאָל די גאַנצע פראַגע אויף אַ קאָנ־גרעס אין בערלין. ביקאָנספיעלד האָט געצוואונגען רוס־לאַנד אויף יענעם קאָנגרעס, וואָס איז געהאַלטען געוואָרען פון 13טען יוני ביז 13טען יולי פון יאָהר 1878, צו ענדערען איהר אָפּמאַך מיט טערקיי זעהר פיעל. טערקיי איז בע־פרייט געוואָרען און האָט געקראָגען זעלבסטשטענדיגקייט, אָבער בתנאי, דאָס זי זאָל געבען בירגערליכע און רעליגיעזע רעכטע. דאָס האָט גע־האַט וויכטיגע פאָלגען אין דער געשיכטע פון די אידען."

אַנדערע אויטאָריטעטען גיבען אָן, דאָס ביקאָנספילד איז

געוועזען פּרעזידענט פון יענעם קאָנגרעס, האָט געשריבען דעם אָפּמאַך און איז געוועזען הויפּט טהוער. ווי איהר ווייסט, איז זיין ריכטיגער נאָמען געוועזען דיזראַעלי. ער איז געוועזען אַ איד מלידה יבטן, און איז געוועזען דער איינציגער איד אַלס הויפּט־מיניסטער אין גרויס בריטאַניען. פון יענער צייט אָן האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ בעסערע צייט פאַר'ן אידישען פאָלק. נאָכ'ן פערגלייכונגס־פּלאַן פון ד ע ר ד אָ פּ ע ל ט ע ר פ ע ר י אָ ד ע פיר אידען, האָט אין 40 יאָהר שפּעטער, אָדער אין 1918, גאָט'ס חסד צו אידען געדאַרפט דערגרייכען די הויכע שטופע. אזוי איז טאַקע געוועזען.

## ציוניזם

פיעלע הונדערטער יאָהרען האָט מען נאָכאַנאַנד זיך געסטאַרעט צו מאַכען אַ סוף צום אידישען פאָלק. אָבער גאָט האָט עס ניט צוגעלאָזען, דען ער האָט קיינמאָל ניט געוואָלט פערניכטען דאָס אידישע פאָלק. די פערפאָלגונגען זיינען געווען אַ מיטעל זיי צוזאַמען צו שמעלצען אין איינעם, און האָט פערגרעסערט אין זייער האַרצען דאָס שטרעבען נאָך אַ היים אין נאָך דאָס לאַנד פון זייערע עלטערען. גאָט האָט אימער, האַנדלענדיג מיט די אידען, בעשטימט אַ מאַן אין דעם פּאַסיגען מאָמענט, און אַזעלכער פלעגט זיין גרייט זיין גאַנצעס לעבען אַוועקצוגעבען אויף דעם מזבח פון זיין טרייהייט צו דער אויפגאַבע וואָס גאָט האָט אויף איהם אַרויפגעלעגט. אַ מאָל מאַכט דער איינגעבערטער גאָט געברויך פון מענשליכע רשעות פיר זיין גרויסקייט. און יעדער איינער וואָס ליידעט פיר גערעכטיגקייט וועט געווים ערהאַלטען זיין לוין פיר דאָס טריי זיין צו די פּרינציפּען פון אמת און גערעכטיגקייט.

אין 1860 איז געבוירען געוואָרען אין בודאַפּעסט אַ אידיש קינד וואָס איז בעשטימט געוואָרען פיר אַ גרויסען

צוועק. אויסוועהלענדיג צוערשט די אַדוואָקאַטור אַלס פּראָפעסיאָן, האָט ער עס פערביטען נאָכהער אויף'ן בערוף פון אַ שריפטשטעלער. ער האָט אויף דיזען געביט זיך ערהויבען צו דער ערשטער רייהע פון זשורנאַליזם. אַ בעזונדער אינטערעסע האָט אין איהם ערוועקט די אידישע פראַגע. זיין האַרץ האָט געבלוטעט און האָט וועה געטהאָן פון דעם וואָס זיין פאָלק איז רשעות'דיג בעהאַנדעלט געוואָרען. די פערפאָלגונגען וואָס אידען האָבען געליטען האָבען פעראורזאַכט, דאָס אַ פּלאַן פיר זייער הילף איז אויסגעוועבט געוואָרען אין זיין געדאַנקען. אין דעם יאָהר 1896 האָט ער דאָס אויסגעדריקט אין זיין גרויסאַרטיגער שריפט: „דער אידען־שטאַאט"; און דער געפיהל דאָס זייער שיקזאַל האָט, ענדליך, געפונען אַן אויסדרוק אין דיזער פערזענליכקייט, האָט געבראַכט פיעלע אידען צום ערוואַכען פיר אַ בעסערע עקזיסטענץ. ווען „דער אידען־שטאַאט" איז צום ערשטען מאָל ערשיענען, האָט זיינער אַ מיטאַרבייטער געמיינט, דענקענדיג, דאָס דער פערפאַסער איז משוגע געוואָרען; אָבער ווען די וויכטיגקייט פון דער שריפט איז אויסגעפונען געוואָרען, האָבען פיעלע אונטערדריקטע אידען עס אויפגענומען אַלס אַן אָנזאָג פון ישועה. זיין אויפגאַבע האָט זיין גאַנצעס לעבען בעהערשט און ווען ער איז געשטאָרבען האָט ער געזאָגט: „גריסט ארץ ישראל פיר מיר; איך האָב מיין לעבען געגעבען פיר מיין פאָלק".

היינט איז דער נאָמען תיאודור הערצל בעקאַנט אונטער אַלע אידען פון דער וועלט, און די צייט וועט קומען ווען אַלע נאַציאָנען פון דער וועלט, אידען און גוים, וועלען איינשטימען דאָס תיאודור הערצל איז בעשטימט געוואָרען אין דער ריכטיגער צייט צו געבען אויסדרוק צום ציוניזם, און דאָס עס איז בעשטימט אַזוי אויסצוואַקסען, דאָס דער גרינדער האָט אפילו ניט געקענט דערפון חלום'ען.

# די גרונדלאַגע פון ציוניזם

וואָס איז געווען די סיבה וואָס האָט געבראַכט דאָס גרינדען פון ציוניזם? איז עס געווען אידישע רייכקייט? — געוויס ניט. זאָל דער בעליעבטער הערצל ענטפערען: „דער פאָרגעשלאָגענער פּלאַן (ציוניזם) שליסט איין דאָס אויסנוצען פון אַן עקזיסטירענדער טרייב־קראַפט, און דאָס זיינען: די צרות פון די אידען.

ווען איהר זעהט איין דאָס גאָט האָט פאָראויסגעזעהן איז עס ניט אויך אַ מיטעל שטאַרק צו מאַכען אייער גלויבען אין די רעזולטאַטען פון דעם אידען'ס קומען אין זיין לאַנד, נעמליך: די גלענצענדע הבטחות וואָס זיינען פערבונדען דאַמיט? „און איך וועל דיך דורכפיהרען מיט דיינע פיינד אין אַ לאַנד וואָס דו קענסט ניט, דען אַ פייער איז אָנגעצונדען אין מיין צאָרן, עס זאָל אויף אייך ברענען“... „און איך וועל אייך פערוואַרפען פון דיזען לאַנד אין אַ לאַנד, וואָס איהר האָט ניט געקענט, און אויך ניט אייערע עלטערען, און דאָרטען וועט איהר דיענען פרעמדע געטער טאָג און נאַכט, ווייל איך וועל אייך קיין באַרמהערציגקייט געבען. זעה, איך שיק נאָך פיעל פישער, זאָגט דער האַר, און זיי זאָלען זיי פאַנגען און דערנאָך וועל איך שיקען נאָך פיעל יעגער און זיי זאָלען פעריאָגען פון יעדען באַרג און פון יעדען הויכען פּלאַטץ און פון די שפּאַלטען פון די פעלזען“. „און דו וועסט פעראורזאַכען ערשיטערונג, איבעל צו אַלע קעניגרייכען פון דער ערד, און דו וועסט ווערען צו שאַנד און שפּאָט, צו שימפּף און פלוך אין אַלע ערטער, וואוהין איך וועל זיי פערשטויסען“. „און דו וועסט ווערען צום פערוואונדערען, צו שאַנד און ביישפּיעל אין אַלע פעלקער, וואו גאָט וועט דיך אַוועקפיהרען“. — (ירמיה טו: 14; טז: 13, 16; כד: 9; דברים כח: 37).

## ענטוויקלונג פון ציוניזם

דער ציוניזם האָט געמאַכט יעהרליכען פאָרטשריט, זייט עס איז אָפיציעל געגרינדעט געוואָרען אין 1897. דער ערשטער קאָנגרעס, וואָס איז געהאַלטען געוואָרען אין באַזעל, שווייצאַריע, אין דעמזעלבען יאָהר, איז בעזוכט געוואָרען פון 206 דעלעגאַטען, נור אַ הייפעלע אידען; וועהרענד יעצט זיינען פאַראַן ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין יעדען טהייל פון דער וועלט, וואו עס זיינען נור דאָ אידען, און וואו זיינען קיין אידען ניטאָ? גרויסע סומען געלט זיינען אויפגעקליבען און אויסגעגעבען געוואָרען פיר די גרינדונג פון מעהרערע קאָלאָניעס; וויסענשאַפט־ליכע מעטאָדען ווערען געברויכט דאָרט פיר ערד־אַרבייט; שולען זיינען דאָרט געגרינדעט געוואָרען און אַ פונדאַ־מענט איז געלעגט געוואָרען אויפ'ן הר הזיתים פיר אַ גרוי־סען העברעאישען אוניווערזיטעט. דאָס אָרגאַניזירען פון קאָלאָניעס האַלט נאָך אָן. אידען ערווערבען לאַנד און בויען הייזער, די וויסטע געגענדען ווערען בעזעצט און דאָס שטייגען פון פאָלק ווערט פאָרטגעזעצט.

## דאָס דאָפעלטע ווערט אויסגעפיהרט

ווען דער ציוניזם איז אָרגאַניזירט געוואָרען, האָט דער ערשטער קאָנגרעס, צווישען אַנדערע זאַכען, ער־קלערט, דאָס ער בעשטרעבט צו קריגען פון דער רעגיע־רונג די אנערקענונג פון די צוועקען וואָס דער ציוניזם זוכט צו פערווירקליכען. ווי געזאָגט, האָט גאָט זיינע חסדים אומגעקעהרט צו די אידען אין 1878; און ווי עס קומט אוים נאָכ'ן פלאַן פון דאָפעלטען (ווידערהאָלען), פון וועלכען די נביאים האָבען גערעדט, האָט געזאָלט, מיט 40 יאָהר שפּעטער, אָדער אין 1918, זיין אַ צייט פון ספּע־ציעלער גנאַדע פיר אידען. אידישער ניי־יאָהר איז אין

הערבסט; קומט דאך איים דאס נאוועמבער 1917 גע־
הערט אין דער ווירקליכקייט צום אנפאנג פון יאהר 1918.
ווי מען קען זעהן פון פאלגענדעס, האט גרויס־בריטאניען
אנערקענט ציוניזם, דעם 2טען נאוועמבער 1917, אדער
איינגעפעהר אין דעם צווייטען חדש פון 1918, ווי אידען
וואלטען עס גערעכענט:

אויסלענדישע ביורא, נאוו. 2, 1917.

„טייערער לארד ראטשילד,

„עס פערשאפט מיר פיעל פערגניגען אייך איבערצוגעבען,
אים נאמען פון זיין מאיעסטעטישער רעגיערונג, די פאלגענדע
ערקלערונג פון סימפאטיע צו דער אידישער ציוניסטישער שטרע־
בונג, וועלכע איז פארגעשלאגען און גוט־געהייסען געווארען בייס
קאבינעט:

„די רעגיערונג פון זיין מאיעסטעט בעטראכטעט מיט ביי־
פאל דאס גרינדען פון א נאציאנאלער היים פאר'ן אידישען
פאלק, און וועט שטרעבען מיט אלעם וואס איז מעגליך מיטצו־
העלפען די פערווירקליכונג פון דיזען פלאן, מיט דער אויס־
דריקליכער בעדינגונג, דאס קיין זאך זאל ניט געטהאן ווערען
וואס זאל פיינדליך מאכען די בירגערליכע און רעליגיעזע אינ־
טערעסען פון די עקזיסטירענדע ניט־אידישע געמיינדען אין פא־
לעסטינא, אדער די רעכטע און פאליטישע פריווילעגיעס וואס
אידען געניסען אין אנדערע לענדער.

„איך וועל אייך דאנקבאר זיין פיר דעם איבערגעבען פון
דיזער ערקלערונג צו דער ציוניסטישער פעדעראציע.

„אייער איבערגעבענער,

ארטהור דזשיימס באלפור".

אין דעם יאהר 1918 האבען 10 נאציאנען פון דער
וועלט, אריינרעכענענדיג גרויס־בריטאניען און די פערא־
ייניגטע שטאאטען געגעבען זייער הסכמה צו דער גרינדונג

פון אַ אידישער היים אין ארץ ישראל. אין פריהלינג פון 1918, פינקטליך 40 יאָהר זייט גאָט'ס חסד האָט זיך אומ־געקעהרט צו אידען און אומגעפעהר צו דער צייט פון יאָהר ווען גאָט האָט די אידען אַרויסגעבראַכט פון מצרים, איז אַ קאָמיסיאָן אונטער דר. חיים ווייצמאַן'ס לייטונג, אַרויס־געפאָהרען פון לאָנדאָן קיין ארץ ישראל מיט דער איינשטי־מונג פון דער רעגיערונג פון גרויס־בריטאַניען צו גרינדען אַ אידישע פיהרערשאַפט אין ארץ ישראל. אָט אַזוי זעה־ען מיר, דאָס די געדאָפּעלטע פּעריאַדע איז ערפילט געוואָרען פונקט אין דער צייט וואָס גאָט האָט פאָראויסגעזאָגט דורך זיינע נביאים. יעצט מאַך איך אייך אויפמערקזאַם אויף דער גוטער בשורה, וואָס ישעיה הנביא האָט אַמאָל גערעדט אום אייך אין דער יעצטיגער צייט צו דערקוויקען: „טרייסט, טרייסט, מיין פאָלק, זאָגט אייער גאָט. רעדט גוטעס צו ירושלים און דערמאָהנט איהר דאָס איהר בעשטימטע צייט איז גע־ענדיגט, דאָס איהר זינד איז פערגעבען, דען זי האָט פון גאָטעס האַנד גענומען די געדאָפּעלטע צייט צוליעב איהר זינד". — (ישעיה מ: 1, 2.)

## וואָס ציוניזם בעשטרעבט

דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס, וואָס איז צו־זאַמענגערופען געוואָרען דורך דער איניציאַטיווע פון דעם פיעל בעליעבטען תיאודור הערצל, האָט קלאָהר אָנגע־צייגט וואָס דער ציוניזם פערלאַנגט, און יענע פראָגראַמע איז נאָך ניט געענדערט געוואָרען. די שטרעבונגען זיינען אויסגעדריקט געוואָרען אין פאָלגענדען אופן:

„ציוניזם וויל קריגען אַן עפענטליך־ערוואָרבענע, רעכטליך־געזיכערטע היים פיר דאָס אידישע פאָלק אין פּאַלעסטינאַ.

„אום דאָס צו ערגרייכען נעהמט דער קאָנגרעס אָן די פאָל־גענדע מיטלען:

„1) צו העלפען בעזעטצען אין ארץ ישראל אידישע ערד־ארבייטער, האנדווערקער, געשעפטסלייטע און פראָפעסיאָנעלע לייטע;

„2) צו פעראייניגען דאָס גאַנצע אידישע פאָלק אין איין פעדעראַציע, דורך לאָקאַלע און אַלגעמיינע אינסטיטוציעס וואָס זאָלען זיך צופּאַסען צו די אָרטיגע געזעטצען.

„3) צו פערשטאַרקען די אידישע געפיהלען און דאָס נאַציאָנאַלע בעוואוסטזיין.

„4) צו קריגען די איינשטימונג פון דער רעגיערונג פון וועלכער עס ווענדט זיך די אויספיהרונג פון די פּלענער פון ציוניזם.“

## די אידען בויען ווידער אויף פּאַלעסטינאַ

ניט נאָר מאַכען די אידען פּאַלעסטינע פערטיג צו ווערען אַ שטאַאַט, זאָנדערן זיי לאָזען אויך אין גאַנג איינ־ריכטונגען אום צו אויפהויבען דעם מצב פון לאַנד: ווי באַהן־פערקעהר, בעגיסונג־סיסטעמען, הייזער־בויאונג, שול־איינריכטונגען, אַ גרויסע אוניווערזיטעט אין ירושלים און פיעלע אַנדערע זאַכען. מיר וועלען ציטירען איניגע פון דיזע זאַכען וואָס די פּרעסע האָט בעשריבען:

ספּעציעלער בעריכט נומ. 469, אַרויסגעגעבען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין דער שטאָדט ניו־יאָרק, גיט אָן דאָס דער דורכשניטליכער רעגען־פאַל אין ארץ־ישראל איז 26 צאָל, און דאָס ווען מען זאָל זאַמלען די וואַסערען אין ארץ ישראל וואָלט עס געקענט אויפהאַל־טען אַ בעפעלקערונג פון 15 מיליאָן; איצטיגע בעפעל־קערונג איז זעכציג טויזענד. אַ קוואַל, זאָגט דער בעריכט, וואָס איז 16 מייל אין דרום פון ירושלים, ברייננגט פיעל וואַסער אַריין אין ירושלים. די פּרעסע זאָגט אויך, דאָס עס ווערט געפּלאַנעוועט אַ גרויסע צופיהרונג פון וואַסער אין ירושלים פיר געוויקסע און אַנדערע צוועקען.

מיר לעזען ווידער אין דעם ציוניסטישען בעריכט פון 25טען פעברואר, 1920:

„אין מיליאן זיבען הונדערט טויזענד אוקאליפּטוס און אנדערע סאָרטען בוימער וועלען געפּלאנצט ווערען אויף 21,125 דונאם. אין מרחביה וועלען געפּלאנצט ווערען 20,000 אוקאַליפּטוס בוימער, פיר סאניטארישע צוועקען, אויף 200 דונאם. אין כנרת און אין דגניה וועט מען פּלאנצען 42,000 אוקאליפּטוס און אנדערע סאָרטען בוימער אויף דעם אראָפּ־בארג, אויף די פערמע פון כנרת. אין בן־שמן וועט מען פּלאנצען א 70,000 בוימער אויף 230 דונאם. און אין חולדה וועט מען פּלאנצען 425,000 בוימער אויף 140 דונאם. אין באר־טוביה וועט מען פּלאנצען 27,000 בוימער אויף 380 דונאם, דאָס איז אויסער די וואָס מען האָט פריהער גערעכענט. אין דער אומגעגענד פון דער קאָלאָניע חדרה וועט מען, אין סך־הכל, פּלאנצען 50,000 בוימער, מייסטענס אוקאליפּטוס, אויף 1000 דונאם".

א ספּעציעלער בעריכט פון 1טען מערץ, 1920, לויטעט:

„ווי דער רעפּאָרט פון דער ציוניסטישער קאָמיסיאָן מעלדעט, האָבען דריי טויזענד שול־קינדער פון ירושלים, פייערנדיג לעצטענס דעם יום טוב חמשה עשר בשבט, איינגעפּלאנצט 500 בוימער אין דער פאָרשטאָדט פון דער היילינער שטאָדט. אויף אזא אופן האָבען זיי געמאכט אן אָנפאנג פיר דעם מיליאָן בוימער וואָס די ציוניסטען האָבען איינגעשלאָסען אין זייער פּראָגראמע פיר די ארבייט אין ארץ ישראל דיזעס יאָהר.

„אין פערלויף פון 1919 זיינען 369,000 בוימער געפּלאנצט געוואָרען, אין אן אָנשטרענגונג וואָס ווערט געמאכט צוריק צו שטעלען די וועלדער פון ארץ ישראל, וואָס די טערקען האָבען חרוב געמאכט דורך זייער שלעכטער רעגירונג און דורך מלחמה. ווייל בוימער זיינען זעהר גוט פיר די אויפלעבונג פון לאנדווירטשאפט און פיר געהילץ צום בויען הייזער אין דער

צוקונפט, דאַרום ווערט די בוים־פלאַנצונג בעטראַכט אַלס איי־נער פון די גרעסטע פונקטען אין דער אַרבייט וואָס די ציוניס־טען האָבען אונטערנומען אין ארץ ישראל".

נאָך אַ ספּעציעלער בעריכט פון 26טען מערץ, 1920, מעלדעט:

„עס איז שוין 10 יאָהר, זייט דיזע בעמיהונג ווערט אָנ־געהאַלטען דורך אידישע אַרבייטער אליין. דיזער גרונד, וואָס איז וויסט געווען, איז היינט פערפלאַנצט מיט וועלדער פון אויל און מאַנדעל בוימער, 150,000 אויל און 10,000 מאַנדעל בוימער. לעצטעס יאָהר האָט מען פערקויפט 100,000 פונט מאַנדלען, און רעכענענדיג די איינקינפטע פון פעל און פון וואָל, וואָס די שטאַרק ענטוויקעלטע פיה־ און שאָף־צוכט ברייננט, וועט דאָס מאַכען 15 פּראָצענט פּראָפיט אויף דעם קאַפּיטאַל וואָס מען האָט אַריינגעלעגט".

עס וועט אינטערעסאַנט זיין פיר דיינקענדע פּערזאָנען צו בעמערקען, דאָס דיזע אויפטהואונגען פון די ציוניסטען זיינען פאָראויסגעזאָגט געוואָרען דורך דעם נביא פון גאָט מעהר ווי מיט 2,500 יאָהר צוריק. אין ישעיה מא: 18־20 לעזען מיר: „איך וועל עפענען טייכען אויף די ענטבלויז־טע בערג און קוואַלען — אין די טהאָלען; איך וועל פון דער וויסטע מאַכען אַן אָזערע און פון די טרוקענע פלעטצער — וואַסער־אויסגוסען. איך וועל אַריינזעצען אין דעם מדבר צעדער, אַקאַציע, הדס און אויל־בוימער. איך וועל מאַכען וואַקסען אין דער וויסטע אינאיינעם ציפּ־רעסען, פיכטען און בוקסען־בוימער; דאָס זיי זאָלען אַלע ווי איינער זעהן, וויסען, און זינען נעהמען און פערשטעהן, דאָס גאָטעס האַנד האָט דאָס געמאַכט און דאָס דער הייליגער פון ישראל האָט דאָס בעשאַפען."

## „זיי וועלען בויען הייזער"

ביים ציוניסטישען עקזעקוטיוו ראַטה, וואָס איז אָב־

געהאַלטען געוואָרען אין לאָנדאָן דעם 16טען פעברואַר, 1920, האָט דר. רופין אין אַ דעבאַטע פאָרגעשלאָגען צו גריינדען אַ גרויסע געזעלשאַפט וואָס זאָל אָנפאַנגען צו בויען הייזער פיר אַרבייטער אַזוי שנעל ווי מעגליך. עס ווערען שוין יעצט פיעלע הייזער שנעל געבויט פיר דעם געברויך פון דער בעפעלקערונג וואָס האַלט אין קומען צו זייער לאַנד. מיר געפינען דאָס דיזעס איז אויך אַ גענויע ערפילונג פון די נביאות וואָס זיינען אין דער אַלטער צייט געשריבען געוואָרען, אום צו ערמוטהיגען ביי אידען די אמונה אין גאָט׳ס הבטחות. די הייזער וואָס מען בויט יעצט זיינען ניט פיר פּראָפּיטירערס; די אייגענטהימער וועלען אויך ניט קענען דריקען די איינוואוינער; זאָנדערן צו די איינוואוינער וועלען געהערען די הייזער, ווי דער נביא פון גאָט האָט פּאָראויסגעזעהן: „זיי וועלען בויען הייזער און אויך וואוינען אין זיי; און זיי וועלען פלאַנצען וויינגערטנער און וועלען עסען די פרוכט. זיי וועלען ניט בויען און אַן אַנדערער זאָל דערפון הנאה האָבען; ווארום אַזוי אַלט ווי די בוימער וועט זיין דער לעבענס־היער פון מיין פאָלק, און מיינע ערוועהלטע וועלען אויס־נוצען די אַרבייט פון זייערע הענד. זיי וועלען ניט דאַר־פען זיך מיהען פיר גאָרנישט, אויך ניט אַרויסברייננען אויף דער וועלט (קינדער) פיר קורצעם לעבען; ווארום זיי זיינען געבענשטע, די קינדער פון גאָט, אַזוי זיינען אויך די וואָס קומען אַרויס פון זיי". — (ישעיה סה: 21־23.)

אָט אין דעם אַלעם זעהען מיר אויספיהרליך, דאָס גאָט האָט ווידער אַמאָל בעגנאַדיגט דעם אידען; דאָס די .עגען־צייט (פּאַראַלעל) איז צו ענדע; דאָס דער פייגען־בוים ברייננט אַרויס בלעטער, אַזוי ווי עס איז פערשפּראָ־כען געוואָרען. — די זאַכען האָט אויך ישוע געזאָגט, דאָס זיי וועלען פּאָרקומען צור ענדע פון דער וועלט.

## די פאסירונגען אין נח'ס צייטען

ישוע האט ניט בלויז איין פאסירונג געגעבען אלס סמן פיר אונז צו בעשטימען, ווען די ענדע פון דער וועלט וועט זיין, זאנדערן ער האט אויסגערעכענט איניגע זאכען וואס וועלען דאמאלס טרעפען. ער האט בעהויפטעט דאס ווען די וועלט וועט קומען צו אן ענדע וועט זיין אזא צושטאנד ווי אין די צייטען פון נח: „דאס קומען פון דעם מענשענזוהן וועט זיין אזוי ווי אין די צייטען פון נח: דען אזוי ווי אין די צייטען וואס זיינען געווען פאר'ן מבול האבען זיי געגעסען און געטרונקען, התונה געהאט און אויסגעגעבען קינדער; דעם טאג וואס נח איז אריין אין קאסטען האבען זיי ניט געשפירט, ביז דער מבול איז געקומען און האט זיי אלעמען פערנומען; אזוי וועט אויך דאס אנקומען פון מענשענזוהן זיין". (מתי' 24 : 37-39.)

די ערשטע וועלט האט זיך געענדיגט מיט'ן מבול. איין הונדערט און צוואנציג יאהר איידער דער מבול האט זיך אנגעפאנגען, האט גאט געגעבען נח'ן צו וויסען דאס ער זאל זיך דאפיר צוגרייטען און זאל פרעדיגען צו די מענשען וועגען דער ענדע וואס וועט קומען. אין נח'ס צייטען האבען די לייטע געטאהן דאס וואס די עקזיסטענין פאדערט געוועהנליך, און עס איז זיי ניט אריין אין זינען דער פאקט, דאס די אלטע ארדנונג האלט ביים פערשווינ־דען אין א גרויסען מבול. אזוי איז היינט אויך די מאסע פון דער מענשהייט, זייענדיג אינגאנצען פערנומען מיט געוועהנליכע זאכען, אונוויסענד וועגען דער גרויסער אי־בערגאנגס־פעריאדע אין וועלכער מיר לעבען.

אין נח'ס צייטען האבען פיעלע געשפאטעט, חוזק געמאכט פון איהם און געמאכט איהם צום נארען ווען ער האט זיי געפרעדיגט וועגען דער ענד פון דער וועלט. און אויף אזא אופן האבען זיי געצייגט זייער אונוויסענהייט וועגען די זאכען וואס דארפען אנקומען.

בעמערקט יעצט דעם פערגלייך (פּאַראַלעל) אין די פּאַסירונגען וואָס קומען פאָר אין אונזערע טעג. באַלד נאָכדעם ווי די אַליאירטע האָבען איינגענומען פּאַלעסטינע, זיינען זיך אַ געוויסע צאָהל גייסטליכע פאָרשטעהער פון דער בשורה טובה צוזאַמענגעקומען אין לאָנדאָן און האָבען ארויסגעגעבען דעם פאָלגענדען מאַניפעסט, ווי מען קען זעהן פון אַ רעפּאָרט אין דער פרעסע:

„דער פאָלגענדער מאַניפעסט איז לעצטענס ארויסגעגעבען געוואָרען פון זעהר פּראָמינענטע ענגלישע גייסטליכע:

„ערשטענס—דאָס דער יעצטיגער קריזיס צייגט אויף דעם שלום פון דער גוי'אישער צייט.

„צווייטענס—דאָס די אָפּענבאַרונג פון דעם האר זאָל ערווארטעט ווערען יעצט יעדען מאָמענט, ווען ער וועט זיך צייגען אזוי זיכטבאַר ווי צו זיינע תלמידים דעם אָווענט פון זיין אויפשטאַנד.

„דריטענס — דאָס די גאַנץ־געוואָרענע קהלה (פון גאָטס אויסגעקליבענע) וועלען פערוואַנדעלט ווערען, „צו זיין אויף איביג מיט גאָט.“

„פערטענס — דאָס ישראל וועט קומען צו זיין אייגענעם לאַנד אין אונגלויבען, און וועט נאכהער בעקעהרט ווערען, ווען משיח וועט ערשיינען זיינעטוועגען.

„פינפטענס — דאָס אַלע מענשליכע פּלענער פון ברייננגען פערבעסערונגען מוזען זיין אונטערוואָרפען צום צווייטען קומען פון אונזער האר, ווייל אַלע נאַציאָנען וועלען אונטערטהעניג ווערען צו זיין ממשלה.

„זעכסטענס — דאָס אונטער משיח'ס ממשלה וועט נאָך אַמאָל דער הייליגער גייסט אויסגעגאָסען ווערען אויף אַלעם וואָס איז נשמיות'דיג.

„זיבענטעס — דאָס די אמת'ען וועלכע זיינען איינגעשלאָסען אין דיזע ערקלעהרונג זיינען פון דער גרעסטער פּראַקטישער

וויכטיגקייט אום צו בעשטימען דעם קריסטליכען כאראַקטער און די ארבייט בעציגליך די שווערע פּראָבלעמען פון דער צייט.

„דיזע וואונדערבארע ערקלערונג האָבען גע'חתמ'עט א. ס. דיקסאָן און פ. ב. מייער, באַפּטיסטען; געאָרג קאמפּבעלל מאָר־גאָן און אַלפרעד בוירד, קאָנגרעגיישאָנאַליסטען; וויליאם פּול־לער גויטש, פּרעסביטעריאנער; ה. וועב פּעפּלאו, דזש. סטוארט האלדען, עפּיסקאָפּאלער; דינסדייל ט. יאנג, מעטהאָדיסט.

„דיזע אַלע זיינען גוט־בעוואוסטע נעמען און זיינען גערע־כענט צווישען דער וועלט'ס גרעסטע פּרעדיגער. דאָס דיזע פּראָמינענטע לייטע, פון פערשיעדענע צווייגען פון דער קירכע זאָלען פיהלען די נויטווענדיגקייט ארויסצוגעבען אזא ערקלעה־רונג איז אליין שוין פון דער גרעסטער בעדייטונג.“

עס איז צו בעדויערען דאָס די אויבענדערמאָנטע גייסטליכע דריקען ניט אוים די מיינונגען פון דער מאַיאָ־ריטעט פון די גלחים אין דער וועלט. צו אַלע דיינקענדע פערזאָנען איז קלאָר, דאָס עס זיינען דאָ אין דער וועלט צוויי קלאַסען גייסטליכע: דער גוטער און דער שלעכטער, דער עהרליכער און דער אונעהרליכער, דער טרייער און דער אונטרייער. דעם זעלבען רעגעל קען מען אויך צו־פּאַסען צו אַלע פּאָפּעסיאָנען כמעט. אָבער צווישען אַלע פּראָפּעסיאָנען פון דער וועלט פערנעהמט דער פּרעדיגער פון דער בשורה טובה דעם העכסט בכבוד'יגען פּלאַץ פון דעם שטאַנדפּונקט פון געטליכקייט, ווייל ער פערנעהמט זיך מיט זאַכען וואָס האָבען אַ שייכות מיט גאָטס לעהרע. די טרייע אויספיהרונג פון אַזאַ אויפגאַבע שטעלט איהם, נאָך גאָטס שטאַנדפּונקט, אין דער רייהע פון די אַכטונגס־ווירדיגע. פערקעהרט ווידער, אַ מענש וואָס ציהט איך זיך אָן דעם טיטול פון אַן ערקלעהרער פון דער בשורה טובה און וועלכער לאָזט זיך פערפיהרען דורך די חניפות פון דער וועלט און דעסטוועגען פערקויפט ער די איינפאַכע לעהרען פון דער ביבעל און פיהרט לייטע אין טעות, אַזאַ

מענש איז אַן אומכבוד פיר די גייסטליכקייט און אַ סכנה
פאַר דעם גוטען צושטאַנד פון דער מענשהייט. אַן עהר־
ליכער גייסטליכקייט וועט אויף מיר קיין פערדרוס האָבען
פיר דיזע מיינונג. אויב איינער שפּאַרט זיך איין דאָס
עס איז ניט אמת, שטעלט ער זיך אַליין אַריין זאָפּאָרט
אין דעם קלאַס פון די שלעכטע. אַלזאָ, זאָל יעדער צו־
לעגען דעם מאַסשטאַב צו זיך זעלבסט און אויסגעפינען
אין וועלכען קלאַס ער איז. און אויב ער וועט זעהן דאָס
ער איז אין דעם ניט־פּאַסענדען, וועט ער אַזוי שנעל ווי
מעגליך איבערגעהן אין דעם ריכטיגען קלאַס, אויב ער
איז עהרליך.

אַן אונטערנעהמענדער צייטונגס־מאַן האָט פאָרגע־
לעגט אַן עקזעמפּלאַר פון דעם אויבענגעבראַכטען מאַני־
פעסט צו אַלע גרעסטע גייסטליכע פון איינער פון די
גרעסטע שטעדט אין אַמעריקאַ; און זייער ענטשיידונג
איז אַן אילוסטראַציע פון דעם ווי די מאַיאָריטעט האָט
אָנגענומען דיזע זאַך. אַלע אָהן אונטערשייד האָבען חוזק
געמאַכט פון דעם געדאַנקען וואָס איז אויסגעדריקט דע־
רינען. און פיעלע פון זיי האָבען געענטווערט, „עס איז
אַן אומזין צו ריידען וועגען דער וועלטס ענד. דאָס וועט
ניט פּאַסירען אין 50,000 יאָהר און אויך ניט נאָכדעם.
דיזע מלחמה איז ווי אַלע אַנדערע מלחמות און דיזע צרות
אויף דער וועלט מיינען גאָר ניט.“

פּאַסטאָר ראָססעל, אַ געטרייער, איבערגעבענער
קריסט, האָט אין פערלויף פון מעהר אַלס פערציג יאָהר
פערשפּרייט דורכ'ן מינדליכען אופן, דורך דער פּרעסע און
דורך זיינע ביכער, דאָס 1914 איז דער גרענעץ פון דער
גוי'אישער צייט; דאָס די וועלט וועט אָנפאַנגען אונטער־
צוגעהן אַרום יענער צייט, און דאָס די משיח־מלוכה וועט
זיך אָנפאַנגען קורצליך נאָך דעם. אַ פּאאר גייסטליכע
זיינען צוגעשטאַנען צו איהם און האָבען דאָסזעלבע ע־

קלערט, אָבער די מעהרסטע פון זיי האָבען געשפּאָטעט פון איהם און האָבען אַלערליי בלבולים אויסגעטראַכט אויף איהם, אַלעס צוליעב דעם וואָס ער האָט פערשפּרייט זיין געטרייען רוף צו וואַכזאַמקייט. דער נביאות'דיגער עדות פון גאָט האָט צושטאַנד געבראַכט זיין ערקלעהרונג, דאָס צו דיזער צייט וועלען זיין חוזק־מאַכער וועלכע וועלען זיך געגענשטעלען געגען דער פון גאָט בעשטימטער צייגנים, זאָגענדיג: „עס וועלען אין דער לעצטער צייט קומען אָפּלאַכער, וועלכע געהען נאָך זייער אייגענעם געלוסטען [איתענזיכטיגע פערלאַנגען], זאָגענדיג, וואו איז דער צוזאָג [בעווייז] פון זיין קומען? דען זייט די עלטערען זיינען געשטאָרבען, געהט אַלץ ווי עס איז געווען פון דער צייט וואָס די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען. דען זיי זיינען מוטהוויליג אונוויסענד, דאָס דורך גאָטס געבאָט.... זיינען די הימלען [אונזיכטבאַרע רעגירענדע קרעפטען] און די ערד [סאָציאַלע אָרדנונג] וועלכע זיינען יעצט אין קראַפט..... געהאַלטען, אָנגעגרייט פיר'ם פייער [פערניכטענדע צרות] פון דעם טאָג פון משפט און די פערניכטונג פון פערדאָרבענע מענשען.“ — (2 פעטער 3 : 3-7.)

די דייטליכע ערפילונג פון די דערמאָהנטע נבואות'דיגע אַריוסזאָגונג האָט געדאַרפט זיין גענוג צו איבערצייגען יעדען דענקענדען און שכל'דיגען פערזאָן דאָס מיר געפינען זיך יעצט אין אַן איבערגאַנגס פעריאָדע פון דעם אַלטען צום נייעם אָרדנונג.

וועגען דעמזעלבען ענין האָט דער גרויסער האר וויי־טער געזאָגט: די זון וועט ווערען פינסטער, און די לבנה וועט ניט געבען איהר ליכטיגקייט, און די שטערען וועלען פאַלען פון הימעל, און די הימלישע מעכטע וועלען זיך טרייסלען“. (מתי׳ 24 : 29.) דיעזע פערשטעלטע אדער סימבאָלישע ווערטער פון ישוע, אַזוי ווי עס איז צו זעהן

פון די ערקלעהרונג פון אנדערע שטעלען אין דער שריפט, מיינט דיעזעס: די זון שטעלט פאר די בשורה טובה פון ישוע המשיח און זיין געקרייציגט ווערען, דער געדאנקען פון דעם גרויסען אויסקויף־קרבן. די לבנה שטעלט פאר אדער סימבאליזירט משה'ס געזעץ־בונד פעראָרדנונג, וואס האט אפגעשפיגעלט די ענטוויקלונג פון גאטס פלאן אין די דורות פון דער בשורה טובה און פון משיח'ס ציי־טען. די שטערען, ווידער, שטעלען מיט זיך פאר, די ער־הויבענע לייטע, די לעהרערס פון געטליכען ווארט.

אין ערפילונג פון דיזער נבואה פון גאט האט יעדער איינער ביינעוואוינט אין די לעצטע צעהן יאהר א גרוי־סען אפפאלען פון די גייסטליכע פון דער איינפאכער לעה־רע פון ישוע המשיח און פון איהם אלס געקרייציגטען. אין נאוועמבער, 1917, האבען זיך אין קארנעגי האלל, ניו־יארק, פערזאמעלט פארשטעהער פון די אידישע, פראָ־טעסטאנטישע און קאטוילישע גלויבענס צו דיסקוטירען וועגען אן אלגעמיינעם באדען פון אקציאן. ישוע, דער גרויסער ערלייזער, איז ניט דערמאהנט געווארען. דאר־טען איז געוועזען אן אויסגעשפראָכענע טענדענץ צו פער־איינינגען זיך וועגען פאליטישע און געזעלשאפטליכע פראַ־גען, און די גרויסע לעהרען פון אמת וואס די שליחים און די נביאים האבען געלעהרנט זיינען פערדונקעלט געווארען און זיינען איגנארירט געווארען. איין רעדנער אין יענער פערזאמלונג האט געזאגט: „אט זיינען דריי שריט וועלכע מיר קענען אננעהמען: (1) צוגרייטען א בוך פון זאכען ארויסגענומען פון דער ביבעל וואס א קאמיסיע פון אלע גלויבענס, וועלכע עס וועט בעשטימט ווערען פון דעם געזעצגעבענדען הויז אדער פון דער בילדונגס־פערוואל־טונג, וועט אויסארבייטען פיר'ם געברויך אין די שולען; (2) אויסארבייטען א פלאן פון מיטהעלפען פיר די שולען און די פערשיעדענע גלויבענס, אזוי דאס יעדעס קינד זאל

קריגען די נוצען פון שטאאטליכער און רעליגיעזער אונ־טעררינכט אהן געגען־ווירקונג פון די פערשיעדענע רעלי־גיאנען; (3) אננעהמען אלס פונקטען פון לעהרע פיר די שטאאטליכע עקזאמענס די ערנסטע ארבייט און דאס ווי־סען פון דער ביבעל וואס מען האט ערווארבען אויסער־האלב די שולען".

דיזער פלאן איז ענטהוזיאסטיש אנגענומען געווארען. דר. פינלי, אן אנדער רעדנער אויף יענער פערזאמלונג, האט געזאגט, לויט ווי די פרעסע האט בעריכטעט: „די צייט איז געקומען פיר פראטעסטאנטען, קאטאליקען, אי־דען און גוים, צו ארבייטען צוזאמען פיר'ם צוועק דאס יע־דעס קינד זאל האבען אן אהנונג אמווייניגסטען פון זיין מא־ראלער און רעליגיעזער ירושה."

נאך א בעווייז, די אלקירליכע וועלט־בעוועגונג האט געזוכט זיך צו פעראייניגען אין ארבייט, אבער עס האט געענצליך איגנארירט די לעהרע פון אמת. אן ערקלעהרונג פון דיזער ארגאניזאציע, וועלכע איז געמאכט געווארען אין א בעריכט וואס איז ארויסגעגעבען געווארען, יאנואר 1920, לויטעט: „מיר גלויבען דאס די צייט איז געענצליך פערטיג פיר א פעראייניגונג פון ארבייט זייטענס אלע טהיילען פון פראטעסטאנטיזם וואס זאל, אהן פערזוך צו לייזען די פראבלעמען וואס קומען ארויס פון פערשיעדענ־ארטיגע און געוויסענהאפטע ח ל ו ק י ד ע ו ת א י ן פ ר א ג ע ן פ ו ן ל ע ה ר ע א ו ן ש ט א נ ד פ ו נ ק ט, זיין גרייט פאר אן אלגעמיינע פראגראמע פון אקטיווי־טעט."

אין אנדערע ווערטער, זיי איגנארירען די גרויסע פונ־דאמענטאלע אמת'ען פון קריסטענטהום וואס איז אפגע־שפיגעלט דורך די בילדליכע קרבנות און וואס איז פעסט־געשטעלט געווארען דורך דעם איין גרויסען קרבן פון

ישוע, די אויסערוואַהל פון איינינע און דורך זיי די אויפ־הייבונג פון דער וועלט צו אַ העכער שטופע אין דער צייט פון משיח'ס מלוכה — וואָס פילען אוים די רייד פון דעם האַר אין אַ דייטליכען אופן.

די שטערען, מיינענדיג דאָ די לעהרערס פון גייסטליכע זאַכען, זיינען פאַרגעשטעלט דאָס זיי פאַלען; אַזוי נאָך קומט אוים, דאָס די מענשען וואָס גיבען זיך אָן אַלס לעהרער פון געטליכען וואָרט, זיינען געפאַלען צום שטאַנד־פּונקט פון געוועהנליכע וועלטליכע פּאָליטישע אַרבייטער. ווידער, וואָס אנבעלאַנגט דעם כאַראַקטער פון דער אַל־קירכליכער וועלט־בעוועגונג, און אום צו צייגען דאָס דער צוועק איז ניט אין איינקלאַנג מיט דעם געטליכען פּלאַן און דאָס עס איגנאָרירט איינפאַך דעם צוועק פון ישוע און די תלמידים, וועלען מיר ציטירען די ווערטער וואָס זיי־נען לעצטענס אויסגעשפּראָכען געוואָרען פון איינינע פון די הויפּט פערזאָנען אין דיזער בעוועגונג. דר. דזש. קאַמפּ־בעל־ווהייט, געהילף גענעראַל־סעקרעטאר פון דער בעווע־גונג, האָט לעצטענס געזאָגט, ווי די פּרעסע גיט איבער: „אום אויסצופיהרען די נייע פּראָגראַמע פון די מיטאַר־בייטענדע קירכען וועט מען דאַרפען 100,000 נייע אָנגע־שטעלטע פיהרער אין פערלויף פון די נעכסטע פינף יאָהר. זיי מוזען זיין גראַדואירטע פון אוניווערזיטעטען. מען וועט דאַרפען האָבען אָן אויסלייג פון $250,000,000 ביז $300,000,000 צו פינאַנסען דיזע פּראָגראַמע אין 1920, און מען דיינקט עס צו דעקען דורך דער וואָך פון אַפּריל 25 ביז 2טען מאַי; אַ דריט־טהייל פון די געלט זאָל געגעבען ווערען פיר בילדונג, אַן אַנדער דריט־טהייל פיר אַמערי־קאַניזאַציע, און נאָך אַ דריט־טהייל פיר'ם קריגען פון די ביליאָנען לייטע אין דער ניט־קריסטליכער וועלט. די וועלט וועט רעגירט ווערען דורך די כחות פון קריסטענ־טהום אין אַרום צוואַנציג יאָהר.“

די אַלקירכליכע וועלט־בעוועגונג איז דאָס וואָס דער נאָמען דריקט אויס, און דאָס איז, דאָס די וועלט בעזועגט די קירכען, אָדער דאָס די קירכען בעוועגען זיך אין דעם וועג פון דער וועלט. די בעוועגונג איז אין דער ווירקליכ־קייט געגרינדעט געוואָרען אין די אינטערעסען פון גרויס־האַנדעל און פון פּאָליטישע קרעפטע. אַלס בעוויז וועלען מיר ציטירען דאָס פאָלגענדע פון דעם אַלקירכ־ליכען בעריכט וואָס איז לעצטענס אַרויס:

„געאָרג וו. וויקערשאַם, געוועזענער גענעראַל־פּראָקוראָר פון די פעראייניגטע שטאַאטען, האָט געזאָגט אין אַן אינטערוויו, דאָס עס עקזיסטירט קיין ניט־פּאַסיגקייט צווישען קריסטענטום און מאָדערנע געשעפטס־מעטהאָדען. אַ לייטענדער בעל־הבית'י־שער פיהרער פון דער עפּיסקאָפּאַלער קירכע מיינט, דאָס די קירכען פעהלט אַ מייסטען אַ שטאַרקער איינשפּריצען פון גע־שעפטס מעטהאָדען אין זייער לייטונג.

„צו די מיסיאָנערען אין כינאַ קומט אַ דאַנק פיר איהר פאָלקאָמענהייט אין דרוקען, אַזוי אויך פיר בוימוואָל און פרוכט ענטוויקלונג.

„סיאַם האָט געקריגען קענטשאַפט אין דעם אויסאַרבייטען פון לעדער דורך די וויסענשאַפטליכע הילפע פון די מיסיאָנערען.

„בראַזיליען און אינדיען האָבען אויפגעהויבען די שפּייז־פּראָדוקטיוויטעט פון זייער ערד אונטער דער פיהרערשאַפט פון די לייטע אין די מיסיאָנען.

„יאַפּאַן איז רייכער דורך דעם אַריינפיהרען פון אַמערי־קאַנער פרוכט־בוימער, און דאָס האָבען געבראַכט די אַגענטען פון די פּאָרפּאָסטען פון קריסטענטהום און פּראָגרעס.

איינגעבוירענע פון סאוטה־אַפריקאַ וואָס זיינען פריהער געוועזען ניט בעשעפטיגט, פערדיענען יעצט געצאָהלט אין צוקער פּלאַנטאַציעס און אין די בעאַרבייטונג פון קאַקאַאָ־באָב, וואָס די מיסיאָנען האָבען איינגעפיהרט."

דער רעווערענד דוד קארנעגיע זאגט אין ט א ר א נ־ט א ג ל א ו ב:

„די קירכע האט געמאכט יד־אחת, לכל־הפחות אויף דיזער זייט פון אטלאנטיק, מיט דעם רעגירענדען און בעשעפטינגענדען קלאס צוליעב אייגענע אינטערעסען. זי איז געווען אונלאיאל און אונטריי צו דער אויפגאבע וואס מען האט איהר איבערגע־געבען, אבער, טראץ אלעם דעם, פערבלייבט זי דאך די איינ־ציגע פארשטעהערין פון דאס וואס קריסטענטהום מיינט. זי אליין האט דעם גייסטליכען מיטעל אויפצולעבען די אינדוס־טריע.

„ווי אזוי קען די קירכע אויסגעפינען און א געברויך מאכען פון דעם סעקרעט פון איהר מאכט? זי דארף קומען צום בע־שלוס, דאס די געזעלשאפט און די אינדוסטריע זיינען אויפגע־פלאכטען צוזאמען, דאס אונטער דיזעביידע ליגען פונדאמענ־טאלע פרינציפען פון וועלכע זי איז די וואס ברייגגט זיי אריין אין לעבען."

ווארום זאלען מענשען, וואס גיבען זיך אן צו זיין דינע־נער פון דער געטליכער לעהרע, מאכען זייער פראפעסיאן אזוי צו שאנדע ווי צו שטעלען זיך אין דינסט פון גרויס־קאפיטאל און פאליטיק? די ריכטיגע אורזאכע איז, דאס זיי האבען פערלארען זייער גלויבען אין גאט און אין זיין ווארט, די ביבעל. זיי זוכען פארצוג און מאכט פון מענש־ליכע קוועלען און ניט פון גאט'ס הסכמה. און דאס צו איבערצייגען ציטירען מיר פון דער שיקאגא ה ע ר א ל ד א ו ן ע ק ז א מ י נ ע ר, וואס האט ניט לאנג געשריבען:

„מעטהאדיסטישע גייסטליכע האבען געסטערן געהערט דאס די טהעאלאגישע שולען פון אמעריקא טרעטען אפ פון די לעהרען פון קריסטוס, און דאס די ביבעל איז ניט מעהר בעטראכטעט פון פיעלע פרעדיגער צו זיין דער שולחן ערוך פון גלויבען.

„דר. הענרי פ. סלאָון, פון ניו דזשוירזי יעהרליכען צוזאַ־מענפאָהר פון דער מעטהאָדיסטישער קירכע, האָט גערעדט אויף א פערזאַמלונג פון גייסטליכע וואָס איז געהאַלטען געוואָרען אין דער ערשטער קירכע, קלאַרק אין וואַשינגטאָן שטראַססען, וועגען דעם קורס וואָס יעדע קירכע באַדערט פון יעדען גייסטליכען. ער האָט געזאָגט, דאָס פינף און צוואַנציג יעהרליכע צוזאַמענ־פאָהרען האָבען געשיקט א פעטיציע צו דעם קומענדען גענעראַל צוזאַמענפאָהר וואָס וועט געהאַלטען ווערען אין דע מוינס נעכס־טען מאַי, פערלאַנגענדיג דאָס מען זאָל ענדערען דעם קורס.

„פיעלע מעטהאָדיסטישע גייסטליכע גלויבען ניט מעהר אין איינינע פונדאַמענטאַלע אויפפאַסונגען פון קריסטענטהום און פערשפרייטען די העכערע קריטיקס, וואָס ווירקט צו־שטערענד אויף די גרונדלאַגען פון עוואַנגעלישען גלויבען, האָט דער רעד־נער געזאָגט.“

צייטענוויז געפינען מיר אַ גייסטליכען פון דער בשורה טובה, וועלכער האָט קוראַזש צו זאָגען איינינע פון זיינע ברידער, וואָס שטעהען אים דיענסט פון דער קירכע, דעם אמת וועגען דער יעצטיגער לאַגע. מיר ציר־טירען יעצט רעווערענד וויליאַם אַללאַן, ווי די „ניו יאָרק אַמעריקאַן“ גיט איבער:

„איין ערקלעהרונג וואָרום מיר האָבען אַזוי פיעל אורזאַך זיך צו בעקלאָגען וועגען דעם קליינעם בעזוך אין די מייסטע פון קירכען איז ווייל דער האַר איז ניטאָ צווישען אונז. אין פיעלע פעלע איז קריסטוס דרויסען זוכענדיג אַ וועג ווי אַזוי אַריינצו־געהן, צו דער זעלבער צייט זיינען מיר שטאָלץ וועגען די גרויסע כומען געלט וואָס מיר קענען זאַמלען דורך אונזערע גרויסע מאַססען־בעוועגונגען, ווירקענדיג דאָס עס זאָל אויסזעהן דאָס זילבער און גאָלד קענען פערנעהמען דעם פלאַץ פון גייסטליכער קראַפט און די גנאַדען פון גאָט, וועלכע צוויי זאַכען קומען נאָר ווען דער האַר איז מיט אונז. ווען ער איז צווישען אונז וועט מען ערצעהלען אין דרויסען דאָס ער איז אין הויז, און די וועלט

וועט ווידער אַמאָל זיך שפּאַרען צו דעם פּלאַץ וואו ישוע איז.

„אָה, זאָלען זיך אומקעהרען די אַלטע צייטען, ווען דער האַר איז געוועזען אין מיטען פון דער פערזאַמלונג פון זיינע לייטע, פיהרענדיג און פערוואַלטענדיג די פיעלפאַכיגע אַקטיוויטעטען פון דער קירכע!"

עס איז ערפרעהענד צו זעהן פון צייט צו צייט אַ קריסטליכע צייטונג אַרויסזאָגענדיג אונערשראָקען דעם אמת. וועגען דער אַלקידליכער וועלט־בעוועגונג, זאָגט דער קריסטליכער פיהרער פון סינסינאַטי אין אַ לייט־אַרטיקעל אַזוי:

„יעדער פערזוך צו קריגען שיינבאַרע איינינגקייט אין געפיהל און אָרגאַניזאַציע אָהן די לעהרע פון קריסטוס איז איינגאַנצען אונווירדיג פיר די הסכמה פון איינעם וואָס האַלט זיך דאָס ער אַנערקענט די הערשאַפט פון אונזער האַר און גואל. פערוואַרפענדיג די לעהרע פון משיח קען מען ניט ערדייכען ניט די אחדות וואָס מען זוכט אַזוי שטאַרק, ניט די אָרגאַניזאַציע וואָס געפעהלט אַזוי שטאַרק און אויך ניט דעם לעבענס־גייסט. דער גייסט און לעבען פון משיח קען זיך ניט אַרויסצייקען, סיידען ווען מען האָט פריהער די לעהרע פון משיח. דרום זיינען אַלע רייד פון אויפשטעלען אַן אָרגאַניזאַציע פעראייניגט אין גייסט אָהן די פערפּליכטונג צו אַפּעלירען צו אַלעמען וועגען נאָכפאָלגען די בשורה טובה פון משיח — אַ פעלשונג, אַ נאַרעריי, אַ פערפיהרונג און אַ מיטעל פון שטן צו פערשלעפען די אונערפאַהרענע. עס איז אַ כּפל־שמותה'דיג־שפּאַסיגער פעראיין, וואָס בעצוועקט, הויפּטזעכליך, צו ברייגגען די קירכע פון קריסטוס אין אַ קאָמפּראָמיסליכען צושטאַנד, און אויף אַזאַ אופן צו מאַכען מעגליך די אָפּשוואַכונג פון די אויס־דריקליכע בשורה טובה וועלכע זי פּרעדיגט, אָדער צו מאַכען איהר אַזוי אָבשייליך ביי אַלע וואָס שטעהען פיר אַ ספּעציפישען אויסדרוק אין דער קירכע, אום דאָס זיי זאָלען פון דער בעוועגונג ווייכען און אַזוי נאָך וועט די קירכע ווערען איזאָלירט."

# וואלל סטריט אנגעטאן אין זונטאגדיגע קליידער

עס וועט זיין אינטערעסאנט צו אנמערקען די נעמען פון איינינע לייטע וואס זיינען אנגעגעבען אין דער פרעסע אלס פראמינענטע ארבייטער פיר דער אלקירכליכער וועלט־בעוועגונג און די קארפאראציעס אין וועלכע דיזע הערען זיינען אפיציעל פערטראטען, אויך דעם קאפיטאל וואס דיזע קארפאראציעס פערמאגען. אונטער דעם נאמען פון יעדען פערזאן פערצייכענען מיר די נעמען פון די קארפאראציעס מיט וועלכע ער איז פערבונדען און דאביי די פערמעגענס פון יעדע אויף וויפיעל עס איז מעגליך צו וויסען:

אלפרעד פ. מערלינג

פרעזידענט ניויארק טשיימבער אוו קאמערס.

האריס ס. איליי און קא. — — — — — —

פארזיצענדער באארד אוו דירעקטארס פון

אדווייזארי קאונסיל פון די ריעל עסטייט

אינטערעסען — — — — — — — — —

אסאשיאייטעד לאנד קא. — — — — — —

באנד און מארטגיידזש גאראנטיע קא. — —

פרעזידענט פון טשיימבער אוו קאמערס פון

שטאאט ניו יארק. — — — — — — —

קאלומביא טראסט קא. — — — — — — $121,100,000

קאמערשיאל יוניאן אינשורענס קא. — — 1,607,578

פיפטה עוועניו ביינק אוו ניו יארק — — — 21,306,000

פולטאן טראסט קא. אוו ניו יארק — — — 8,780,000

האנאווער פייער אינשורענס קא. — — — 5,840,184

מיוטשואל לייף אינשורענס קא. אוו ניו יארק 673,714,294

ניו יארק לייף אינשורענס טראסט קא. — 33,958,000

דזשארדזש וו. וויקערשאם
לאא פירם פון קאדוואלאדער, וויקערשאם און טאפט. — — — — — — — — — —
אמעריקאן האווייען סטימשיפ קא. — — 5,000,000

אלעקסאנדער ר. ניקאל
אגווי אויל קא. — — — — — — — —
אגווי פייפ ליינס קא. — — — — — — —
אגווי רעפיינינג קא. — — — — — — —
אטלאנטיק גאלף און וועסט אינדיעס סטימשיפ ליינס — — — — — — 39,754,800
אטלאנטיק גאלף איל קארפאריישאן — — 20,000,000
קאראליינא טערמינאל קא. — — — — — 100,000
קלייד סטימשיפ קא. — — — — — — 7,000,000
קלייד סטימשיפ טערמינאל קא. — — — 100,000
אינטערנייעשאנאל שיפפינג קארפאריישאן — 100,000
מאללארי סטימשיפ קא. — — — — — 7,000,000
מעקסיקא נאוויגיישאן קא. — — — — 5,000,000
ניו יארק ענד קיובא מיים סטימשיפ קא. — 10,000,000
ניו יארק ענד פארטא ריקא מייל סטימשיפ קא. אוו ניו יארק — — — — — — — 50,000
ניו יארק ענד פארטא ריקא סטימשיפ קא. אוו מיין — — — — — — — — — 5,000,000
סאן אנטאניא קא. — — — — — — — — 50,000
סאן אנטאניא דאקינג קא. — — — — — — 1,000
סקאנדינאוויאן טראסט קא. — — — — 34,264,000
סעווענטי־סיקסט סטריט קא. — — — — —
סאוטהערן סטימשיפ קא. — — — — — 90,000
סאממיט עסטייט קא. — — — — — — —
יונייטעד סטייט ענד פארטא ריקא נאוויגיישאן קא. — — — — — — — — — 2,000
ווילמינגטאן טערמינאל קא. — — — — 100,000

## קליוולאנד ה. דאדזש

פעלפס דאדזש קארפארײשאן — — — — — 45,000,000
אלאמאגארדא ענד סאקראמענטא מאונטיין
רײלוויי — — — — — — — — — — 3,900,000
אלאמאגארדא לאמבער קא. — — — — — — —740,000
אמעריקאן ברעסס קא. — — — — — — 15,000,000
אטלאנטיק מיוטשואל אינשורענס קא. --- — 16,823,491
בורדא מאונטיין רײלוויי קא. — — — — 400,000
קאמערשיאל מײנינג קא. — — — — —
דאוסאן פיועל סײלס קא. — — — — —
דאוסאן רײלוויי ענד קאול קא. — — — 3,100,000
על פאסא ענד נארטהאיסטערן קא. — — — 16,792,000
על פאסא ענד נארטהאיסטערן רײלראוד קא.—5,400,000
על פאסא ענד ראק אײלאנד קא. — — — 5,000,000
על פאסא ענד סאוטהאיסטערן קא. — — 25,000,000
על פאסא ענד סאוטהוועסטערן רײלראוד קא. 19,055,000
גאלדען הילל קארפארײשאן — — — — — —
מארענסי סאוטהערן רײלוויי קא. — — — 1,250,000
נאקאזארי רײלראוד קא. — — — — — 1,000,000
נײשאנאל סיטי באנק אוו ניו יארק — — 887,193,000
נײשאנאל סיטי קא. — — — — — — —
ניו יארק לײף אינשורענס טראסט קא. — 33,958,000
נארטה סטאר מײנס קא. — — — — — 2,500,000
אלד דאמיניאן קא. אוו מיין — — — — 7,426,775
ראססעל סײדזש פאונדײשאן — — — —

## פלעמינג ה. רעוועל

פלעמינג ה. רעוועל קא. — — — — — —
באארד אוו האום מישאנס אוו די פרעסבי-
טעריאן טשורטש אוו די יו. ס. א. — — — —
מישיאנערי רעוויו פאבלישינג קא. — — —

ניו יאָרק יאנג מענ'ס קריסטשען אַסס'ן —
ניו יאָרק לייף אינשורענס קאָ. — — — — 995,087,285
נאָרטהפיעלד סקולס — — — — — — —
וויטאַן קאָלעדזש, נאָרטאָן, מאַסס. — — —

דזשאהן ד. ראקעפעללער, דזשוניאר

ביוראָ אָוו סאָשיעל היידזשין — — — —
טשיינא מעדיקאל באָארד — — — — —
קאָלאָראַדאָ פיועל אייראָן קאָ. — — — 76,262,200
יוניווערסיטי אָוו שיקאַגאָ — — — — — —
דזשענעראל העלטה קאָמישאָן — — — — —
מאַנהעטען רייל וויי קאָ. — — — — — 60,000,000
מערטשאנטס פייער אינשורענס קאָרפּאָ־
ריישאָן אָוו ניו יאָרק — — — — — — 2,786,431
ראקעפעללער פאונדיישאָן — — — — — —
ראקעפעללער אינסטיטוט פאר מעדיקאל רע־
סערטש — — — — — — — —

מר. דזשאהן ד. ראקעפעללער, דער אינגערער, איז אויך אָנגעגעבען אין „ה ו ' ס ה ו א י ן א מ ע ר י ־ ק אַ, 1 9 2 0" אַלס „איינער וואָס גיט אַכטונג אויף זיין פאָטערס געשעפטען" — דער גוט־בעוואוסטער דזשאהן ד. ראקעפעלער, מיט אַ פערמעגען וואָס איז אַמאָל געווען פעררעכענט אַלס בעטרעפענד מעהר אַלס אַ ביליאָן דאָ־לאַר. זייט 1899 איז דער זוהן געווען, אַמאָל ניט און אַמאָל יע, דירעקטאָר פון די פאָלגענדע אויסער די וועלכע זיינען אויבען געווען אָנגעגעבען:

שיקאַגאָ טערמינאל טראנספער רייל ראוד קאָ.
דעלאַווער, לאַקאַוואַנאַ ענד וועסטערן רייל־
ראוד קאָ. — — — — — — — — 42,597,000
לייק סופּיריאָר קאָנסאָלידייטעד אייראָן
מיינס — — — — — — — — —

ניו יארק פראדיוס עקטשיינזדש סייף דע־
פאזיט ענד סטארייזדש קא. — — — 33,445,678
ניישאנאל סיטי ביינק און ניו יארק — — 887,193,000
פיודזשעט סאונד רעדאקשאן קא. — — —
יונייטעד סטייטס סטיל קארפארייזשאן — 1,452,229,769
מיזורי פאסיפיק ריילוויי קא. — — — — 345,632,400
פעדעראל מייניננ ענד סמעלטינג קא. — — 18,000,000
סטענדארד איל קא. און ניו דזשוירדזשי — 98,338,000

מיר ציטירען פון לאס אנדזשעלאס טיימס:

„אין קורצען, רעליגיאן האט בעשלאסען אנצונעהמען די מעטאדען פון גרויס האנדעל און פון גראנדיעזע פינאנציעלע קארפאראציעס, ניט אבטענדיג אויף די פערשיעדענארטיגע אנ־דערע אונעהנליכקייטען. אונזערע קריסטליכע פאסטארען און פיהרערס זאגען אונז, ווי די אנאנסען לויטען, דאס געשעפטס־געזעלשאפטען, רעגירונגען און די גרויסע רעליגיעזע קערפער־שאפטען האבען איבערקוקט די קאנדיציאנען פון דער וועלט און זיירע אורטיילען זיינען דיזעלבע, דאס נור מיליאנען קענען ראַ־טעווען א וועלט צוריסען דורך מלחמה. און זיי זיינען אפשר גערעכט, ווייל דיזעלבע וועלט, וועגען וועלכע מען האט געזאגט דאס א גרויסער זייל פון ליכטיגייט האט איהר ארומגענומען; קען זיך בעריהמען מיט זעהר ווענינ טישלערס און פיש־פאנגערס וואס זאלען לאזען אלע וועלטליכע פערגעניגען — תלמידים וואס זאלען היינט פערטיג זיין נאכצופאלגען א בעזיצלאזען הארען.

„זייערע טייער־קאסטענדע אנאנסען זיינען פול מיט איראָ־נישען אמת. 'די קלענסטע געשעפטס־אנשטאלטען ענטוויקלען זייערע אנגעשטעלטע אין דער ארבייט פון פערקויפען: דאר־פען די קירכען עס ניט אזוי האבען?' פרעגען זיי. 'אין אמע־ריקא דארפען מיר האבען זונטאג־שולען לעהרערס, ביבעל־לעה־רערס, פעהיגע מענשען־פאנגער.' זעהר ווייט זיינען מיר פער־פאהרן פון ישוע'ס איינפאכקייט, פון דער בארג־דרשה, פון יע־

נער גרויסאַרטיגער לעהרע, וואָס יעדער וואָס וויל קען עס נעה־
מען פריי אָהן געלט. 'אַ פּלוצלונגער, פערבלענדונגס־שטראהל,
ניט פערשידען פון דעם וואָס שאול פון תרשיש האָט געקראָגען,
האָט יעצט אויך נאָכגעפאָלגט דעם בעגרייפען פון דער מענש־
הייט'ס נויטיגען זיך אין קריסטוס', זאָגט מען אונז. אָבער עס
זעהען זיך עפּעס אויסערגעוועהנליך ווענינ שאולס. גיכער זעהט
מען, דאָס זיי פערלאָזען נאָכאַנאַנד די אַרבייט צוליעב די צו־
קליינע וועלטליכע בעלאָהנונג וואָס עס ברייננט. נור מיליאָנען
קען זיי צוריקציהען, אָדער בעשאַפען נייע שאולס. אונזערע
מאָדערנע שאולס געראַטען ניט אָהן אויפציהונג דורך עקספּער־
טען און הויכע בעלאָהנונגען.

„יעדער פּונקט אין דיזע קאָסטבאַרע אַנאָנסען איז לאָגיש.
קיינער קען ניט האָבען וואָס אויסצוזעצען געגען יע איין בעהויפּ־
טונג. זיי אַלע גיסען זיך מיט פערשפּרעכונגען פון גרויסקייט,
מיט צווייפעלהאַפטע בעהויפּטונגען וועגען קאָנדיציאָנען און די
נויטווענדיגקייט פון פערבעסערונגען. און דאָך, ברייננען זיי
אין אונז אַריין אַן איראָנישען געפיהל וועגען דעם צושטאַנד פון
קריסטענטהום, וואָס איז געקומען צו אַזאַ לאַגע. אפשר ברייננט
דאָס מיט זייער וועקען אין אונז די פינאַנציעלע פערפּליכטונ־
גען אַזוי שטאַרק — די גייסטליכע פערפּליכטונגען זיינען חוצפּה'־
דיג פערגעסען געוואָרען. מיר זיינען ניט אויפגעפאָדערט גע־
וואָרען געוואָרען צו ווערען יעדער איינער אַ פּערזענליכער מי־
סיאָנער אָהן געצאָהלט. מיר זיינען ניט אָנגעוויזען אויף די קאָנ־
דיציאָנען פון אונזערע נשמות, פון אונזערע לעבענס, אונזערע
גייסטליכע אוצרות; מיר זיינען בלויז דערמאָהנט געוואָרען צו
צאָהלען פאַר די רעליגיעזע ערציהונג פון אַנדערע, די רעליגיעזע
פערבעסערונגען פון אַנדערע. פיעל פּאַראַגראַפען הויבען זיך
אָן, „אייער געלט וועט" א. ז. וו., ערקלעהרענדיג וויפיעל דיענסט
פון אַ נ ד ע ר ע מ ע נ ש ע ן עס וועט קענען קויפען. עס
זיינען דאָ פּאַראַגראַפען וואָס ווייזען אָן אויף אונזער 'חוב',
אָבער זיי קעהרען זיך אָן מיט'ן געבען דאָס געלט פאַר דעם חוב

פון אַ נ ד ע ר ע ל י י ט ע. פאַקטיש קריגט מען הויפּטזעכליך דעם איינדרוק, דאָס מען קען זיך אויסקויפען פון אַנדערע פער־פליכטונגען וואָס האָבען אין זיך ניט די געלט נויטווענדיגקייט, ווי די אַנאָנסען זעלבסט ערקלעהרען, ׳עס וואָלט געווען אַ משוגעת צו דיינקען דאָס געלט אַליין קען מאַכען קריסטענטהום שטייגען; די הויפּט פּראָבלעמע איז אַלע מאָל געווען פיהרערס׳. ׳מיר מוזען פּאָרטזעצען שיקען אונזערע מענער און פרויען וואָס וועלען אַריינטראָגען דאָס קריסטליכע לעבען אין זייערע געשעפטען, אין זייער רוה־צייט און אין זייערע היימען׳. שיקט אַנדערע לייטע אַרויס — איהר דאַרפט ניט זיין, שיינט עס, דיזע לייטע זעלבסט. ׳סיידען איהר בויגט זיך אַנידער, וועט אַ דור פון קריסטליכע געאיבטע פיהרער מאַכען דאָס אייערע קינדער זאָלען בענשען אייער נאָמען׳ איז נאָך אַ סאָרט קוראַזש־מאַכען בענוצט — אונזער אַנידערבויגען זיך שטעלט מיט זיך פאָר אויסשליסליך אונזער ניט אַרויסקומען מיט מזומן.

„זיי וועלען אַריינקריגען זייערע הונדערטע מיליאָנען...... אָבער סיידען די מעהרסטע פון אונז פיהרען איין אונזער קריס־טענטהום אין אונזער פערזענליכען און אינדיווידועלען לעבען, סיידען מיר אנערקענען עטליכע אַנדערע שולדען אין אונז זעלבסט אויסער דעם וואָס מיר שטעלען צו דאָס געלט, וועט אונזער רעפּרעזענטירטע קריסטענטום ניט טאָהן דער וועלט פיעל גוטעס, און אונזער פינאַנציעלער גוטשטאַנד וועט קיין רושם אין הימעל ניט מאַכען."

## וואָלל סטריט מיט אַ פרומען געזיכט

ראַדזשער וו. באַבסאָן, הויפּט־סטאַטיסטיקער פון וואָלל סטריט, אין אַ בריעף, דאַטירט דעם 27טען יאַנואַר, 1920, און בעשטימט פיר בעשרענקטער פערשפּרייטונג, זאָגט בנוגע די קירכען:

„דער מערטה פון אונזערע גיטער איז ניט אָבהייננגיג פון די שטאַרקייט פון אונזערע באַנקען, נור גיכער פון די שטאַרקייט

פון אונזערע קירכען. די שלעכט־בעצאָהלטע פּרעדיגער פון אונ־זער נאַציאָן זיינען די לייטע וועלכע האַלטען אונז אויף מעהר ווי די גוט־בעצאָהלטע אַדוואָקאַטען, באַנקירען און פערמיטלער. די רעליגיאָן פון דער געמיינדע איז די פעסטונג פון אונזערע גיטער. און ווען מיר בעטראַכטען דאָס נאָר 15% פון פאָלק האַלט וועלכע עס איז אַקציעס און דאָס ווייניגער פון 3% האַל־טען גענוג אום צו צאָהלען איין איינקונפט־אָבצאָהלונג, וועט די וויכטיגקייט פון די קירכען ווערען מעהר זיכטבאַר.

„פיר אונז אליין און פיר אונזערע קינדער, מוזען מיר גע־שעפטסלייטע זיך שטעלען הינטער די קירכען און זייערע פּרע־דיגער! עס מאַכט ניט אויס וואָס זיי זיינען ניט פּאָלקאָם, עס מאַכט ניט אויס וואָס זייער טהעאָלאָגיע איז אַ פאַרעלטער־טע! דאָס מיינט נאָר דאָס ווען זיי זאָלען זיין אין אַ גוטען צושטאַנד וואָלטען זיי אַ סך מעהר אויפגעטאָן. די זיכער־הייט פון אַלעס וואָס מיר האָבען קומט פון די קירכען, אפילו אין זייער יעצ־טיגען אונצופרידענשטעלענדען און ניט־אַקטיווען צושטאַנד. לאָמיר פון דיזען טאָג אָן, אין נאָמען פון אַלעם וואָס אונז איז טייער, געבען מעהר צייט, געלט און געראַנקען צו די קיר־כען פון אונזער שטאָדט, ווייל דער ווערטה פון אַלעם וואָס מיר בעזיצען הייננט אָפּ סוף כל סוף פון זיי!"

די געלט־זועקסלער זיינען ווידער בעשעפטיגט אין דעם האַר'ס הויז, און די ווערטער פון דעם האַר זיינען ווידער אין פלאַץ: עס איז געשריבען, מיין הויז איז דאָס הויז פון געבעט, אָבער איהר האָט עס געמאַכט אַ נעסט פון גנבים". — לוקאַס 19: 45, 46.

„גרויס־געשעפט” וועט מסתמא אויפקלייבען די געפאָ־דערטע סומע, ווייל עס דיינקט דאָס עס איז פאַר איהר נויטיג. וויל דאָס פאָלק אָנפערטרויען זייערע גייסטליכע אינטערעסען צו אַ קלאַס מענשען, וועמענס גאָט איז גאָלד?



א מעהר עהרליכער וועג

עס טרעפט זיך — כאָטש זעהר זעלטען — אַ קירכלי־כער פאָרשטעהער וואָס זעהט די שלויהייט פון דיזער בע־

וועגונג און וועלכער האָט אויך דעם מוטה עס ארויסצו־
זאָגען. דר. א. ט. פעטערסאָן, אַ באַפּטיסטישער פּרעדיגער
פון אילינאָיז, זאָגט: „דאָס איז אַן איבער־ליגע פון נאַ־
ציאָנען“.

דר. קאנאנט, עוואַנגעליסט, אין אַ פּערעפּענטליכטער
דרשה וועגען דער אַלקירכליכער וועלט־בעוועגונג, זאָגט:

„צוזאמענגיסען זיך איז דאָס וואָרט אין דער מאָדע אין יע־
דער מענשליכער אקטיוויטעט, און די לעצטע און געפעהרליכס־
טע איז די אלקירליכע וועלט בעוועגונג. דורך דיזער בעוועגונג
ווערט די גאַנצע קריסטליכע קירכע אונבעוואוסטזיניג אריינגע־
שלעפּט אין א גרויסער יוניאָן קירכע, וועלכע וועט זיין געפיהרט
דורך ליבעראלען [אונגלויביגע, גרויס־קריטיקער, עוואָלוציאָנע־
רען, שונאים פון געטליכע און מענשליכע אינטערעסען.]

„דיזע בעוועגונג איז אינגאנצען דורכגעלעכערט פון פונ־
דאמענטאַלען טעות. אונזער האר זאָגט אונז דאָס די אויפגאבע
פון דער קירכע איז צו פּרעדיגען די בשורה טובה צו יעדע בע־
שעפעניש — דאָס אליין און קיין זאַך ניט מעהר. אָבער די פיה־
רערס פון דיזער בעוועגונג זאָגען אונז דאָס די אויפגאבע פון
דער קירכע איז צו ריעטאבלירען א ציוויליזאציאָן, קריסטליך אין
גייסט און בענעהמען, דורך דער גאַנצער וועלט'. דיזע צוויי
בעגריפען קענען זיך ניט מישען, אזוי ווי וואסער און אויל קע־
נען זיך ניט מישען.

און דורך זייער סאָציאַלער פּראָגראַמע זוכען זיי צו פער־
כאַפּען די פונקציאָנען פון שטאַאט, און מאַכען אויף אַזאַ אופן
איינס פון קירכע און שטאַאט“.

## די בשורה טובה אלס עדות

ישוע האָט אויך אָנגעגעבען אלס סמן פון דער ענדע
פון דער וועלט: „דיזע בשורה טובה פון'ם קעניגרייך וועט
געפּרעדיגט ווערען אין דער גאַנצער וועלט אלס אַ צייגנים

צו אַלע נאַציאָנען; און דאַן וועט די ענדע קומען." —
(מת׳ 24 : 14.)

אויב די פיהרער פון דער אַלקירכליכער וועלט-בעוועגונג גיבען אָן, דאָס זייער צוועק איז צו בעקעהרען די וועלט צום קריסטענטום, דאַן זאָגען מיר צו זיי דאָס זיי זיינען געקומען צו שפעט. זיי טוען עס ניט אין דעם האר׳ס אופן. ערשטענס, פרעדיגען זיי ניט די בשורה טובה פונ׳ם קעניגרייך. זיי זאָגען אָפען אַרויס, דאָס זיי איגנאָרירען די אמת׳ן פון דער לעהרע פון דער בשורה טובה. צווייטענס, איז דאָס פרעדיגען די בשורה פונ׳ם קעניגרייך ניט בעצוועקט פיר׳ם בעקעהרען פון דער גאַנצער וועלט, זאָנדערן פיר׳ם אַרויסנעהמען פון דער וועלט אַ פאָלק פיר זיין נאָמען" (אַפּאָסטעלגעשיכטע 15 : 14.) און דריטענס, איז דאָס שוין געטאָהן געוואָרען און מיר זיינען ביי דער ענדע פון אַלטען אָרדנונג און ווען דער נייער אָרדנונג קומט אַריין.

## צרות און פערדרעהעניש׳ען

די קאָנדיציאָנען וואָס זיינען געוואָרען אין דער וועלט זייט 1914 זייטען צרה׳דיג און פערדרעהט. אַלע רעגירער פון דער וועלט זיינען פערווירט; די געשעפטס-לייטע זיינען פערווירט; דאָס פאָלק איז פערווירט; און אַלע זיינען אין צרות. וואָרום איז עס אַזוי און וואָס מיינט עס? ישוע האָט ווידער געענטפערט אין בעצוג צו דער ענד פון דער וועלט, און אַלס סמן דאַפון, דאָס עס וועט זיין „אויף דער ערד צרות איבער נאַציאָנען און פערדרעהעניש׳ען; דער ים [די אומרוהיגע מענשהייט] און די כוואַליעז [אָרגאַניזירטע ראַדיקאַלע בעוועגונגען] וועלען ברומען; מענשליכע הערצער וועלען ווערען שוואַך פון מורא און פון זעהן די זאכען וואָס קומט אויף דער ערד; דען די כחות פון הימעל

וועלען זיך ברעכען". (לוקאס 21 : 25, 26.) דאָס ווערט טעגליך ערפילט.

אַלס ביישפּיעל פון דעם, ווי אַזוי די רעגירער פון דער ערד בעטראַכטען די זאַך, נעהמען מיר די רעדע וואָס פּרעזידענט ווילסאָן האָט געהאַלטען צום קאָנגרעס, נאָך דעם ווי די גרויסע מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען. ער האָט געזאָגט: „דיזע זיינען צייטען פון פערדרעהעניש, ווען אַ גרויסער וואָלקען הייננט איבער דעם גרעסטען טהייל פון דער ערד. עס זעהט אויס אַזוי ווי גרויסע, בלינדע, מאַטעריעלע כחות זיינען לויז געוואָרען וועלכע זיינען לאַנג געווען געהאַלטען געצוימט און פערפעסטיגט".

מורא האָט אַרומגעכאַפּט אַלערליי סאָרטען מענשען. זעלבסטזוכט שיינט צו האָבען דורכגענומען יעדער אָרט געשעפט. דער הויז־ווירטה, פיהלענדיג דאָס ער וועט אפשר שוין ניט האָבען נאָך אַזאַ געלעגענהייט צו שניידען אַ בייטעל, הויבט אויף די רענט פיר זיינע שכנים. דער שפּייז־הענדלער, דער קליידער־הענדלער, א. ז. וו., שיינט עס, האָבען מורא, דאָס נאָך אַזאַ געלעגענהייט וועט שוין ניט אָנקומען און דאָס זיי דאַרפען זיך בענוצען מיט דעם פאָרצוג און רייסען אַ פּאַס. דער גייסט פון שווערעניש עקזיסטירט איבעראַל. דיזעס אַלעס איז אין ערפילונג פון די ווערטער פון ישוע.

## מענשליכער פערלאַנג

אינמיטען פון דיזע אַלע צרות, דאגות און שווערעניש איז פאַראַן איין פערלאַנג אין די הערצער פון פאָלק; און דיזער פערלאַנג איז נאָך לעבען, פרייהייט און דאָס אָנקריגען פון גליק. כמעט יעדער איינער וואָלט פאַרגעצויגען צו לעבען אין שלום צוזאַמען מיט די געליבטע און אויס־

צומיידען צאַנקערייַ און מחלוקת; אָבער קאָנדיציאָנען שיינען צו זיין אַזעלכע, דאָס די שווערעניש וואָס דער מענש האָט איז ניט מעגליך אַריבערצושטייגען. זיי קענען ניט טאָהן וואָס זיי וואָלטען וועלען. וואַהרשיינליך מוז זיין אַן אונזיכטבאַרע קראַפט אָדער כח וואָס קאָנטראָלירט זיי. און וואָס איז דער כח?

## טייוואָלים זיינען טיכטיג

מיר שיקען ווידער אָפּ צו דעם פאַקט, דאָס ווי עס איז געוועזען אין נח'ס צייטען, אַזוי וועט אויך זיין צו דער ענדע פון דער וועלט. די שריפט לעהרנט דייטליך, דאָס אין נח'ס צייט איז די ערד געוועזען אַ מקום מקלט פיר געפאַלענע מלאכים. ווי עס איז פאָרגעשטעלט אין זעכסטען קאַפּיטעל פון בראשית, האָבען דיזע אָנגענומען מענשליכע קערפּערס און האָבען, ווידערשפּרעכענדיג זייער פּערפליכטונג צו גאָט, זיך אויסגעקליבען ווייבער פון דער מענשליכער ראַסע, און דאָס האָט געבראַכט אַן אַרייסקינפט וואָס איז געוועזען שלעכט אין העכסטען גראַד און וואָס האָט אָנגעפילט די גאַנצע ערד מיט פערברעכען. גאָט האָט געבראַכט דעם מבול. דער אַפּאָסטעל פעטער, ענטפערענדיג די פראַגע וועגען דעם סוף פון דיזע טייוואָלים, זאָגט: „גאָט האָט ניט געזשאַלעוועט די מלאכים וואָס האָבען געזינדיגט, דען ער האָט זיי פערוואָרפען אין טאַרטאַרוס און האָט זיי אַריינגעגעבען אין קייטען פון פינסטערניס, אום געהאַלטען צו ווערען פיר'ס משפּט". משיח האָט אַמאָל אויך געליטען פיר זינד, דער גערעכטער פיר אונגערעכטע, אום דאָס ער זאָל אונז ברייננען צו גאָט, זייענדיג געשטאָרבען אין לייב, אָבער איפּגעלעבט אין גייסט; דורך וואָס ער איז אויך געגאַנגען און געפּרעדיגט צו די גייסטער אין געפענגניש; וועלכע זיינען אַמאָל געווען אונגעהאָרכזאַם, ווען גאָטס געדולד האָט געוואַרט

אין נח׳ס צייטען, אַלס די קאַסטען האָט זיך געהאַלטען אין בויען". 2 פעטער, 2:4; 1 פעטער 3:18-20.) „ד. מלאכים, וועלכע האָבען ניט אָנגעהאַלטען זייער ערשטען שטאַנד, זאָנדערן האָבען פערלאָרען זייער וואָהנונג, האָט ער געהאַלטען אין הויערנהאַפטע קייטען אין דער פינס־טערניש פיר׳ם משפט פון דעם גרויסען טאָג". (יהודה 6.)

דיזע טייוואָלים, פערשפּאַרט אין דער אַטמאָספערע אַרום דער ערד, האָבען געהאַט דעם כח זיך אין פערבינדונג צו שטעלען מיט די לעבעדיגע פון דער מענשליכער ראַסע דורך די פערמיטלונג פון צווישענשטעהענדע. דיזע געגענ־שטאַנדען זיינען אינגאַנצען בעשפּראָכען אין מיין בוך: „דאָס ריידען מיט די טויטע" און איך וועל דאָ ניט אַריינ־געהן אין איינצעלהייטען. איך וויל מעהר ניט ווי ציהען די אויפמערקזאַמקייט צו דעם פאַקט, דאָס די דייטליכע מיי־נונג קען אַרויסגענומען ווערען פון דער אויבענדערמאָנטער שטעלע, דאָס, ווען די ענדע פון דער וועלט קומט אָן, וועט־לען די טייוואָלים האָבען גרעסערע קראַפט און וועלען אויסנוצען דיזע קראַפט אויף מענשען. דער צאַר פון רוס־לאַנד איז אימער געווען אין פערבינדונג מיט די טייוואָלים דורך אַ פערמיטלער וואָס ער האָט געהאַלטען אין קעניגלי־כען פּאַלאַץ. דער אימפּעראַטאָר ווילהעלם פון דייטשלאַנד האָט זיך אָנגעגעבען פיר איינעם וואָס האָט „אַן אינער־ליכען אויער"; און האָט נאָכאַנאַנד בעהויפּטעט, דאָס ער האָט געהערט שטימען פון דער אויסערער וועלט, און האָט זיך אַממייסטען געלאָזט פיהרען פון זיי. דער אָנגאַנג פון די טייוואָלים איז אַזאַ וואָס ברייגנט שלעכטעס, און עס איז קיין צווייפעל, דאָס די גרויסע וועלט מלחמה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין 1914, האָט זיך הויפּטזעכליך אָנגעפאַנגען צוליעב דעם אַריינמישען זיך פון דיזע טייוואָלים.

די שריפט זאָגט אונז, דאָס אַ גרויסער שטורעמווינד
וועט זיך אויפהויבען פון די ברעגען פון דער ערד. (זעה
ירמיה 23 : 19 ; 25 : 32, 33 ; 30 : 23, 24.) אַ שטורעמווינד
איז אַ סימבאָל פון אַ גרויסער מלחמה. די גרויסע מלחמה
האָט פערורזאַכט ביי דער וועלט אַן אינטערעס אין
ספיריטואַליזם, וואָס איז ביז דאַמאָלס קיינמאָל ניט געוועזען;
און אייניגע פון די פיהרענדע גייסטער פון דער וועלט זיי־
נען געוואָרען איבערגעגעבען דאַצו און פערקינדיגען די
ספיריטואַליסטישע לעהרע און אַזוי נאָך פערפיהרען זיי די
מענשהייט. דיזע טייוואָלים זיינען אויך אָנגעצייכענט אין
דער שריפט אַלס „די פיער ווינדען"; און ישוע, רעדענדיג
דורכ'ן אָפענבאַרער, זאָגט: „איך האָב געזעהען פיער
מלאכים שטעהענדיג ביי די פיער עקען פון דער ערד,
האַלטענדיג די פיער ווינטען פון דער ערד, דאָס דער ווינט
זאָל ניט בלאָזען אויף דער ערד, אויך ניט אויפ'ן ים, אויך
ניט אויף וועלכע עס איז בוים... ביז מיר האָבען געשטעמ־
פעלט די דיענער פון אונזער גאָט". (אָפענבאַרונג 7 : 1—3.)
די ווינטען, אָדער די כחות פון דער ערד, זיינען ניט די
כחות פון נאַטירליכער לופט, זאָנדערן זיי זיינען די כחות
וואָס סט. פאול האָט געמיינט ווען ער האָט גערעדט פון
דעם וואָס געוועלטיגט איבער די כחות פון דער לופט
(עפעזער 2 : 2). דיזע טייוואָלים איבען אויס אַ קראַפט
איבער די געדאַנקען פון פאָלק, פערורזאַכענדיג שוועריג־
ניש, אונצופרידענהייט, אונרוהיגקייט, שנאה, שלעכטס־
קייט, רשעות, צאַנקעריי און אַלע סאָרטען צווייסטיגקייטען
און צרות.

אַלע עלעמענטען ווערען אויף אַזאַ'ן אופן צושמאָלצען,
אַזוי ווי דער האַר האָט אַרויסגעזאָגט דורכ'ן אַפּאָסטעל
פעטער, אין אַ זעהר שטאַרקער היץ. (2 פעטער 3 : 10.)

## מיטלען — מענשליכע

וואָס פאַר אַ מיטלען שלאָגען די מענשען פאָר אום צו בריינגען אָרדענונג אין דעם כאַאָס און צו עטאַבלירען שלום און אויפבליהונג צווישען פאָלק? די פינאַנסירען האָבען פערצווייפעלט געשטורמט דאַפיר, דאָס דיזע פינאַנציעלע סיסטעמען זאָלען זיך האַלטען אין קראַפט; אָבער זיי האָבען קיין רפואה ניט און ווייסען אויך ניט ווי צו בריינגען אַ פאַרבעסערטע לאַגע אין עקזיסטענץ.

נאָכדעם ווי די פּאָליטישע פּאַרטיעס האָבען אוועק־געלייגט דורות פון ענערגיע, צייגען זיי זיך אַרוים אַלס ניט־פּאַסיג נאָכצוקומען די יעצטיגע קאָנדיציאָנען און צו געפינען אַן ענטפער פיר די פּראָבלעמען וואָס מאַכען אונז אָן שווערנישען. עקאָנאָמיסטען און שטאַאַטסלייטע, שטודירענדיג די פראַגע מיט פלייס, האָבען אויסגעפונען דאָס זיי קענען גאָרנישט טהאָן. דיזע בעהויפּטונג איז צוגעפּאַסט צו אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַ־ציאָנען, ווייל זיי אַלע זיינען אויפגעשטעלט פון אייגענ־זיכטיגע, אונפּאָלקאָמענע לייטע, און קענען דעריבער ניט איינפיהרען קיין אידעאַלע קאָנדיציאָנען.

## די ליגע פון נאַציאָנען

ווען די געשלעגערייי האָבען אויפגעהערט, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די שטאַאַטסלייטע פון די נאַציאָנען וואָס האָבען אָנגעפיהרט די מלחמה, און, געבענדיג זיי די אָנער־קענונג וואָס זיי קומט פאַר זייער פערלאַנג איינצושטעלען שלום און הצלחה, האָבען אויסגעאַרבייט פון זייערע פער־האַנדלונגען אַן אָפּמאַך בעקאַנט אונטער'ן נאָמען ליגע פון נאַציאָנען. דאָס האָט מען אָנגעגעבען אַלס רפואה פאַר די יעצטיגע צרות. וועט זיך עס איינגעבען? אַ פערבאַנד צווישען אַלע נאַציאָנען פון דער וועלט וואָס זאָל זיין באַ־

זירט אויף די פרינציפּען פון גערעכטיגקייט און יושר, וואו אַלע וואָס זיינען אין אָפּמאַך זאָלען עהרליך צושטאַנד ברײינגען דעם ציעל וואָס מען האָט זיך אַוועקגעשטעלט, וואָלט געווים פיעל גוטעס געבראַכט. אָבער וואו זעלבסט־זיכטיגקייט איז פאַררעכענט פאַר'ן בעסטען מאָטיוו און איז דער לייטענדער גייסט אין די פיהרונג פון יעדער נאַציאָן בעזונדער און פון אַלע צוזאַמען, קען מען קיין ווינשענסווירדיגע קאָנדיציאָנען ניט געפינען. גאָט האָט פאָר־אויסגעזעהען און האָט פאָראויסגעזאָגט דורך זיין אַלוויסענהייט דאָס אַזאַ ליגע פון נאַציאָנען וועט שטאַטפינדען; און ער האָט צו דערזעלבער צייט פאָראויס געזאָגט דאָס עס קען זיך ניט איינגעבען. (ישעיה ח, 1 : 9, 10.)

דאָס מורא איז געווען דער לייט־מאָטיוו פון דער ליגע איז אַ בעשטימטע זאַך. מען האָט אינגאַנצען איגנאָרירט דעם גלויבען אין גאָט און אין זיינע פערשפּרעכונגען. צו־ליעב דיזער אורזאַכע וועט די ליגע קיינמאָל ניט ערפילען די אויסגעטריקטע ווינשע. עס איז ניט אין איינקלאַנג מיט גאָט. ער האָט איינפאַך געזאָגט: „מיינע געדאַנקען זיינען ניט אייערע געדאַנקען, אייערע וועגען זיינען ניט מיינע וועגען, זאָגט דער האַר. ווארום אַזוי ווי די הימעלס זיינען העכער ווי די ערד, אַזוי זיינען אויך מיינע וועגען העכער פון אייערע וועגען און מיינע מחשבות העכער פאַר אייערע מחשבות.“ (ישעיה נה : 9,8.) גאָטס גרויסען פּלאַן האָט מען אינגאַנצען איגנאָרירט ביי די אויפשטעלונג פון דער ליגע פון נאַציאָנען. דער נביא האָט ריכטיג געשרי־בען: „געבענשט איז דאָס פאָלק וועמענס גאָט איז ה'“. (תהלים לג : 12.) אָבער אַ נאַציאָן וואָס איגנאָרירט דעם געטליכען פּלאַן, אָדער יע אַ ליגע פון נאַציאָנען וואָס פאָרמירט זיך אויף אַזאַ אַרט דאַרף ניט ערוואַרטען קיין גוטע רעזולטאַטען. גאָט'ס נביא האָט געווים געהאַט אין געדאַנקען דאָס גרינדען פון דער ליגע פון נאַציאָנען, אויך

די ליגע פון גלח'ישע סיסטעמען ווען ער האָט געשריבען: מאַכט אַ געזעלשאַפט, אָ איהר פעלקער, און איהר וועט צובראָכען ווערען אויף שטיקער; און הערט זיך צו, איהר אַלע ווייטע לענדער; גאַרטעלט זיך און איהר וועט פער־נאַנדערפאַלען, האַלט זיך עצות אונטער איינאַנדער, אָבער עס וועט דערפון גאָר ניט ווערען; רעדט דאָס וואָרט, אָבער עס וועט ניט בלייבען שטעהן" — (ישעיה ח׳ 9, 10.)

# גלח'ישע רפואות

אונטער דעם נאָמען גלחים־סיסטעם דאַרפען מיר פערשטעהען די אָרגאַניזירטע סיסטעמען פון קירכען, הויפּטזעכליך אָבער דעם פריסטערשען אָדער גלח'ישען קלאַס וואָס לאָזט אין גאַנג און קאָנטראָלירט דיזעלבע. אַ לאַנגע צייט איז די רוימיש־קאַטאָלישע קירכע פּראַקטיש געווען דער איינציגער גלויבען וואָס האָט אויסגעאיבט אַ מאַכט. אין דעם זעכצעהנטען יאהרהונדערט איז געווען אַ גרויסע רעפאָרמאַציע־בעוועגונג און עס איז אַרויסגעקו־מען אַ פּראָטעסטינטישע געזעלשאַפט. די גלחים, אַלזאָ, זיינען אַרויסגעקומען מיט אַ פּאַרטיגען מיטעל פאַר די ליידענדע מענשהייט; און ווייל זיי טוען עס, האָבען מיר דאָס רעכט איבריכטיג צו עקזאַמעניהרען די פאָרגעשלאָגע־נע מיטלען אום זיך צו איבערצייגען אין די ווירקונג פון די מיטלען, אָדער זיי פערוואַרפען אויב זיי זיינען ניט גוט. די גלח'ישע סיסטעמען סיי פון די קאַטאָליקען און סיי פון די פּראָטעסטאַנטען גיבען אָן, דאָס זייער אויפגאַבע איז צו בעקעהרען די וועלט, דערביי זוכען זיי אַריינצו־ברייגען די לייטע אין די קירכען. לאָמיר אָננעהמען, דאָס זיי גיט זיך איין אויסצופיהרען דיזע פאָרגענומענע אויפ־גאַבע און דאָס די גאַנצע מענשליכע ראַסע איז שוין אַריינ־געבראַכט אין איינער אָדער אין דער אַנדערער קירכע, וואָס פאַר אַ האָפנונג ליגען זיי פאַר די מענשהייט?

דער קאַטוילישער גלויבען אָדער לעהרע איז, דאָס דער שיקזאַל פון מענשען ווערט בעשטימט ביים טויט און דאָס די יעניגע וועלכע זיינען געווען גוטע און איבערגע־געבענע קאַטאָליקען געהען אַריין אין הימעל; אַ צושטאַנד פון אונענדליכער גוטסקייט, דאָס אַלע אַנדערע קאַטוילי־קען וואָס זיינען געווען ניט גאַנץ געטריי געהען אַריין אין אַ לייטערונגס־אַנשטאַלט, דאָרטען פערבלייבען זיי אַן אונבעשטימטע צייט (ניט ווייניגער ווי טויזענד יאָהר). דורך דיזער צייט ווערען זיי גערייניגט און געוואַשען און ווערען צוגעגרייט פאַר דער הימעלשער ממשלה; דאָס אַלע אַנדערע, די אפיקורסים, די אָפּגעשטאַנענע א. ז. וו., וועלען מוזען פערברייננגען זייער עקזיסטענץ אין העלישען פייער, ליידענדיג אין אַ בעוואוסטזיניגען צושטאַנד אויף איביג.

די פּראָטעסטאַנטען ווידער לעהרנען אין אַלגעמיין, דאָס דער שיקזאַל פון יעדער מענשען איז אויף אייביג בע־שטימט ביים טויט, די געטרייע קירכען־מיטגליעדער גע־העען איבער ביים טויט אין הימעלשען גרויסאַרטיגען צו־שטאַנד; און דאָס אַלע אַנדערע וועלען פערברייננגען זייער עוויגקייט אין בעוואוסטזיניגען ליידען, וואָס וועט קיינמאָל ניט אויפהערען.

מען וועט גלייך זעהן, פאָלגליך, דאָס אויב עס וואָלט געווען ווירקליך אַן אונטערשייד צווישען די צוויי וועגען, וואָלט דער פּראָטעסטאַנטישער געווען דער ערגערער, ווייל ער שלאָגט קיין מיטעל־צושטאַנד ניט פאָר. יעדערער קען אויך דייטליך זעהען, דאָס ניט דער קאַטוילישער און דער פּראָטעסטאַנטישער גלויבען שלאָגט עפּעס הילפבאַ־רעס פאָר פאַר דער יעצטיגער אָרדנונגס־צייט, וואָס זאָל קענען אַריינברייננגען שלום, הצלחה, פרייהייט און גליק צו אייביגעס לעבען אויף דער ערד. קומט דאָך אויס, דאָס אויב זיי זאָלען קענען בעקעהרען די מעהרסטע אָדער

אַלע לייטע צו זייערע טהעאָריען, וואָלט עס אַלץ קיין לאַ־
זונג ניט געווען פאַר די יעצטיגע שוועריגקייטען.

די צרה מיט די סיסטעמען איז, דאָס זיי איגנאָרירען
אינגאַנצען גאָטס מיטעל. זיי איגנאָרירען די אויפגאַבע
וואָס מען האָט געגעבען דעם קריסטען און בויען זייע־
רע האָפנונגען אויף טהעאָריעס, גלויבענס און אינסטיטו־
ציאָנען וואָס זיינען פון מענשען געמאַכט. זיי איגנאָרירען
אינגאַנצען די אויפגאַבע פון גאָט וואָס איז געגעבען צו
יעדען וואָס האָט זיך געהייליגט צו דעם ווילען פון גאָט.
סיי די פּראָטעסטאַנשען און סיי די קאַטהאָליקען מעלען
מודה זיין, דאָס נאָר אַ קליינער טהייל פון דער באַפעל־
קערונג פון דער ערד מאַכט זאָגאַר אַן אָנשטעל זיך צו
האַלטען ביי יע איינער פון די יידע לעהרען, און אפילו
די גרעסטע אויפטהוער צווישען זיי פּרעטענדירען קיין
מאָל ניט דאָס זיי האָפען צו בעקעהרען יעדען איינעם צו
זייערע אָנגענומענע געדאַנקען און אַרייצוברייגגען די אין
דער קירכע־אָרגאַניזאַציע. די פאַקטען זיינען דאָס אין
יעצטיגע צייטען איגאָרירען זיי די לעהרען, און פערלאַנגען
גאָר ניט דאָס לייטע זאָלען אין זיי גלויבען, זיי זוכען
פעראייניגטע קרעפטען אין אַקציאָן; די הויפט אַקציאָן
זייערע איז צו מאַנען און זאַמלען געלט. אָנכאַפענדיג
זיך אָן דעם מלחמה־גייסט, דעם גייסט פון דער וועלט,
זיינען די גלח'ישע סיסטעמען פערנומען יעצט מיט דעם
קלייבען פון מיליאָנען דאָלאַרס, זאָגענדיג צום פאָלק: „ווען
מיר זאָלען האָבען דאָס געלט וואָלטען מיר געקענט בע־
קעהרען די וועלט". איז עס ניט פיר אַלעמען אַ טהאַטזאַ־
כע, דאָס עס איז אַ חלול השם, דאָס גאָט דאַרף האָבען
געלט אום אויסצופיהרען זיינע פּלענער; און קען עס איהם
געפעלען צו בענוצען די ניט־הייליגע מיטלען פון וועלט־
מענשען צו טהאָן זיין אַרבייט? איז עס נויטיג צו בע־
טען געלט אין גאָטס נאָמען פון מענשען וואָס זיינען מיט

איבערגעגעבען צו דער געטליכער אָרדנונג, נאָר וואָס לאָ־
זען זיך איבעררײדען ווייל זיי קענען ניט ענטזאַגען די
גלחים און צאָהלען דאָס געלט אום צו האָבען אַ סאָציאַלען
אָדער אַ פּאָליטישען בעשטאַנד צווישען אַ געוויסען קלאַס
מענשען? יעדער רעכט־דענקענדער מענש מוז זאָגען:
געוויס ניט. מיר דערמאָנען זיך ווידער וועגען גאָטס ווער־
טער דורך דעם פּראָפעט, געציעלט אויף יענע וועלכע קלערה־
רען אויף דיזע וועלטליכע טהעאָריעס: „מיינע מחשבות
זיינען ניט אײערע מחשבות, אויך זיינען אײערע וועגען
ניט מיינע וועגען, זאָגט דער האַר. וואַרום אַזוי ווי די
הימלען זיינען העכער ווי די ערד, אַזוי זיינען אויך מיינע
וועגען העכער ווי אײערע וועגען, און מיינע מחשבות —
ווי אײערע מחשבות.“ (ישעיה נה: 8, 9.)

דער קלוגער מאַן, אַלזאָ, איז דער וואָס זוכט אויסצו־
געפינען וואָס איז גאָטס מיטעל, און ווען ער געפינט עס
אויס, זוכט ער עס נאָכצוקומען; דען קיין זאַך, סיידען
די קראַפט פון גאָט, קען אַריינברײנגען אָרדנונג אין דעם
יעצטיגען כאַאָטישען צושטאַנד און ברײנגען צום מענשען
דאָס וואָס ער פערלאַנגט. לאָמיר ניט פערגעסען, דאָס
דער מענש האָט אימער געזוכט צו קריגען לעבען, פרייה־
הייט און גליק. דאָס איז געווען איבער אַלעם אין די
געדאַנקען פון די אור־עלטערן וואָס האָבען געלייגט די
גרונדלאַגע פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג; דער געדאַנ־
קען איז ביי זיי געווען אַ פּונקט פאַר די גרונדגעזעצען פון
לאַנד. די לייטע, אַלזאָ, גיבען זייער געלד אויס אומזיסט
און פערלירען זייער צייט, יאָגענדיג זיך נאָך אַ פאַלשען
שיין, נאָך אַ טהעאָריע געמאַכט פון מענשען, לאָזענדיג
גענצליך אָן אַ זייט גאָטס מיטעל; און זיי קענען אויך דעם
וועג וואָס גאָט האָט אָנגעגרייט ניט נאָכפאָלגען, ווייל זיי
זיינען אונוויסענד וועגען דער עקזיסטענץ פון אַזאַ זאַך. די
אורזאַכע פון זייער אונוויסענהייט קומט פון דעם פאַקט

וואָס די גלחים זיינען אונטריי געווען צו זייער אויפגאַבע. זייהאָבען פערפעהלט צו לעהרנען די ביבעל און זיי האָבען געלערנט טהעאָריעס וואָס זיינען פון מענשען געמאַכט; און דאַרום האָט גאָט, וויסענדיג דאָס אַזוי וועט פּאַרקומען, געלאָזען פערשרייבען: „זעה, עס וועט קומען אַ צייט, זאָגט דער האַר גאָט, דאָס איך וועל שיקען אַ הונגער אין לאַנד, ניט קיין ברויט־הונגער, אויך ניט קיין וואסער־דורשט, זאָנדערן ווען מען וועט זעל־טען קענען הערען דאָס וואָרט פון גאָט.“ (עמוס ח: 11.)

נאָך פיעלע יאהרהונדערטע פון גאָטס גנאדען, האָט זיך די געזעלשאַפט פון דער נאָמינאַלער קירכע אַלס אַ קלאַס געצייגט צו זיין אונטריי צו דער אויפגאַבע וואָס גאָט האָט זיי געגעבען. נאָכדעם ווי די נאַציאָנען האָבען זיך שווער געמאַטערט איינצושטעלען די בעסטע רעגיערונג אויף דער ערד, געפינען זיי זיך יעצט אין אַ כאאָטישען צושטאַנד און די מענשהייט טאַפּט אַ וואַנד אין דער פינס־טער. די לייטע וואָס ליבען גערעכטיגקייט און אמת זיי־נען געווען אָהן הילפע, עצה אָדער טרייסט, זייטענס די יעניגע, פון וועלכע זיי האָבען עס געדאַרפט ערוואַרטען, און וועלכע האָבען זיך געהאַלטען פאַר די שלוחים פון גאָט. די אַזוי גערופענע גייסטליכע בעלי עצות האָבען אַראָפּגעריסען די מאַסקע און ערקלערען יעצט חוצפה'דיג, דאָס זיי קוקען ניט אויף די לעהרען, זאָנדערן זיי ווילען זיך פעראייניגען אין אַקציאָן אום צו קריגען געלט און מאַכט.

די גרויסע לעהרען פון קריסטענטום זיינען אָן אַ זייט געלייגט. וואָס פאַר אַ שפייז קענען די הונגעריגע זעעלען קריגען? — יענע זעעלען וואָס הונגערען און דורשטען נאָך גערעכטיגקייט, פון וואַנען זאָלען זיי ציהען זייער צו־פרידענשטעלענדען חלק? (תהלים קז: 1-7.) איז עס נאָך ניט צייט, דאָס דיזע אַלע זאָלען זוכען גאָטס מיטעל?

דעם מענשענס קומען צו אַ וואַנד גיט גאָט די געלעגענהייט. די גאַנצע וועלט איז צו שאַנדע געוואָרען דורך ליידען און צרות. זאָלען די וואָס טרויערען געטרייסט ווערען דורך די גרויסע און בעגליקענדע פעראָרדנונג וואָס גאָטס וואָרט עפענט פאַר אונז אויף.

## געטליכער היילמיטעל

די הייליגע שריפט ענטהאַלטעט גאָטס ווילען וועגען מענשען. די ביבעל איז דער איינציגער קוואַל פון וויסענשאַפט פאַר דעם מענשען, אויף וועלכע ער קען בויען זיין צוקונפט. דער אַפּאָסטעל פאול מיט׳ן פּראָפעטישען בליק, זעהענדיג פאָראויס די צייט פון זעגען וואָס וועט קומען אויף אַלע נאָכפאָלגער פון ישוע׳ן, האָט געשריבען: „קיין אויג האָט ניט געזעהען, אויך האָט קיין אויער ניט געהערט, אויך האָט קיין האַרץ ניט פערנומען די זאַכען וואָס גאָט האָט אָנגעגרייט פאַר די וואָס ליעבען איהם. אָבער גאָט האָט עס אָפּענבאַרט דורך זיין גייסט: דען דער גייסט דרינגט אַריין אין אַלע זאַכען, אויך אין די טיעפע זאַכען פון גאָט.“ — (1 קאָרינטהער 2: 9, 10.)

דער גרויסער מייסטער אַליין האָט געזאָגט: „הייליג זיי דורך דיין אמת, דיין וואָרט איז דער אמת. (יוחנן 17: 17.) קיין זאַך, אַלזאָ, קען ניט פיהרען דעם מענשען צום ריכטיגען וועג און אויפעפענען פאַר איהם די פּאַנאָראַמאַ פון זעגען וואָס דאַרף אָנקומען, סיידען ער פערשטעהט גאָטס וואָרט און אַכטען עס. דען דאָס פערשטעהן פון גאָטס פעראָרדנונג בריינגט נחת־רוח און פריידע צום האַרצען.

דער בעגייסטערטער עדות האָט געשריבען: „גאָט ווייס אַלע זיינע ווערק פון בעפאָר דעם בעשאַף.“ (אַפּאָסטעלגעשיכטע 15: 18.) פון סאַמע בעשאַפען פון מענשען ביז צום גאַנצען פערענדיגען פון זיין פּלאַן, האָט גאָט

געוואוסט אַלע זאַכען און זיין גרויסע פּראָגראַמע האַלט
זיך אין אויסאַרבייטען אין אַ פּראָגרעסיווען און אָרדנונגס־
מעסיגען אופן. אום, אַלזאָ, צו דערקענען דעם געטליכען
מיטעל מוזען מיר צוערשט אויף געווים בעשטימען די ריכ־
טיגע אורזאַכע פון קאַמפּף, איבערקעהרעניש, צרות,
מלחמות, רעוואָלוציאָן, א. ז. וו., אויף דער ערד.

## די אורזאַכע

אדם הראשון איז בעשאַפען געוואָרען פּאָלקאָמען און
האָט געקראָגען אַ פּאָלקאָמענע היים אין גן עדן, איז בע־
שאַנקען געוואָרען מיט לעבען ווי אַ מענשליכעס וועזען,
מיט גליקליכקייט, מיט שלום און מיט אַלע ברכות וואָס
עס פּאַסט זיך צו אַ פּאָלקאָמענעם לעבען אין אַ פּאָלקאָ־
מענער היים. ער איז בעשאַנקען געוואָרען מיט כח און
מעגליכקייטען צו פּראָדוצירען פּאָלקאָמענע קינדער און צו
אָנפילען די ערד מיט אַ פּאָלקאָמענע ראַסע פון מענשען.
אָבער אום דיעזע גוטע זאַכען איביג צו בעזיצען האָט
ער געמוזט זיין געהאָרכזאַם צו גאָטס געזעץ; און מען
האָט איהם אויך מתרה געווען, דאָס ווען ער פאָלגט ניט
דיזען געזעץ וועט עס פיהרען צום פערלירען פון זיינע רעכ־
טע אַלס אַ מענשליכעס וועזען, אויך פון זיינע רעכטע צו
גליק און שלום. דער מענש האָט עובר געווען דעם גע־
זעץ. די בעשרייבונג דערפון איז בקיצור פאַרגעשטעלט
אין דעם דריטען קאַפּיטעל פון בראשית. דער מענש איז
פעראורטיילט געוואָרען צום טויט, אַרויסגעטריבען גע־
וואָרען פון זיין פּאָלקאָמענער היים, און דער משפט איז
אויסגעפיהרט געוואָרען דאַדורך וואָס ער איז געבראַכט
געוואָרען צו אַן עקזיסטענץ וואָס איז אָבהענגיג פון די
גיפטיגע עלעמענטען פון דער ניט פערפערטיגטער ערד.
זאָ לאַנג ווי ער לעבט מוז ער עסען זיין ברויט אין דאגות.
און דיזע אַלע דורות איז דער מענש געווען אונטעריאָכט

אונטער די שלעכטע רעזולטאטען פון זינד, ווארטענדיג און האפענדיג אויף די בעפרייאונג.

מען מוז אויך איינזעהן, דאס אדם האט ניט פערלא־רען א היים אין הימעל. מען האט איהם קיין היים אין הימעל ניט געגעבען; וואס ער האט געקריגען איז געווען א היים אויף דער ערד, מיט מענשליכען לעבען אלס מענש; און פערלארען האט ער אויך נאר דיזעס. דארום מוז דער מענש געבראכט ווערען צוריק, ווען מען וועט איהם צוריקגעבען וואס ער האט פערלארען, צו זיין פריהערדיגען צושטאנד פון גנאדען און ברכות וואס ער האט גענאסען אין אנפאנג פון זיין עקזיסטענץ, דהיינו, א פאלקאמענע היים, און שלום מיט גליקליכקייט אויף דער ערד.

די אונגעהארכזאמקייט פון אדם האט געבראכט אויף אלע זיינע נאכגעקומענע צרות, קראנקהייט, ליידען און טויט. די פאלקאמענע פאאר האט ניט געבארען קיין קינ־דער ווען זיי זיינען געווען אין גן עדן; זאנדערן זיי האבען דיזע פונקציע אויסגעאיבט נאכדעם ווי זיי זיינען פער־אורטיילט געווארען און נאכדעם ווי דער מענש האט ארויסגעקריגען ברויט פון דער אונפאלקאמענער ערד. ער איז פאמעלאך אריינגעטראטען אין דער שטראף פון טויט. ער איז געווען אונפאלקאמען, און דאס ער האט ניט גע־קענט פראדוצירען קיין פאלקאמענע ראסע מענשען איז דאך פערשטענדליך און לאגיש. דער רעזולטאט איז גע־ווען, דאס זיינע נאכגעקומענע זיינען געבארען געווארען אין א שטערבליכער לאגע. און דאס האט אויך דער נביא געמיינט, ווען ער האט געשריבען: „זעה איך בין געבא־רען געווארען אין שולד און מיין מוטער האט מיך געצייגט אין זינד”. (תהלים נא : 5). דאס איז דערזעלבער גערא־קען וואס סט. פאול האט אויסגעדריקט ווען ער האט גע־שריבען: „אלזא, ווייל דורך איין מענשען איז זינד אריין אין דער וועלט, און טויט דורך די זינד; אזוי איז טויט

אַריבערגעגאַנגען צו אַלע מענשען, ווייל אַלע האָבען געזינדיגט". (רוימער 5 : 12.)

## די פערשפּראָכענע ערלייזונג

גאָט האָט אין זינען געהאַט פון אָנפאַנג אָן אויסצולייזען די מענשהייט פון דיזער לאַגע פון ליידען און טויט און זיי צוריק צו געבען דאָס וואָס זיי האָבען פערלאָרען. אברהם וואָס האָט געוואוינט אין לאַנד פון כשדים האָט געגלויבט אין גאָט; און גאָט האָט איהם גערופען צו זיך און האָט איהם געמאַכט אַ צוזאָג, זאָגענדיג: איך וועל דיך בענשען און גרויס מאַכען דיין נאָמען; און דו זאָלסט זיין אַ בענשונג... און אין דיר זאָלען געבענשט ווערע אַלע פאַמיליעס פון דער ערד". (בראשית יב: 2, 3.) ווען מען האָט איהם דיזען צוזאָג געגעבען האָט אברהם קיינע קינדער ניט געהאַט. ער איז פינף און זיבעציג יאָהר אַלט געוועזען, ביי זיין ווייב איז שוין פאַראיבער די צייט פון האָבען קינדער; דאָך האָט ער געהאַט גלויבען אין גאָט, און ווען אברהם איז געוועזען הונדערט יאָהר אַלט איז זיין זוהן יצחק געבאָרען געוואָרען. ווען יצחק איז אַריינגעקומען אין אַלטער פון אַ מאַן, האָט גאָט געפּרופט אברהם'ס געטרייהייט צו איהם און האָט איהם בעפוילען מקריב צו זיין זיין זוהן פאַר אַ קרבן, אַרויפבריינגענדיג איהם אויף אַ באַרג. קומענדיג צום באַרג, האָט ער געבויט אַ מזבח, האָט יצחק'ן דאַצו צוגעבונדען און איז געוועזען גרייט מיט'ן מעסער אין זיין האַנד צו טויט מאַכען זיין זוהן, אַלס גאָט האָט איהם גערופען פון הימעל, זאָגענדיג: „לייג ניט דיין האַנד אויף דעם יונג, אויך זאָלסטו צו איהם קיין זאַך ניט טאָהן, דען יעצט ווייס איך דאָס דו האָסט מורא פאַר גאָט, זעהענדיג, דאָס דו האָסט ניט צוריקגעהאַלטען דיין זוהן, דיין איינציגען זוהן פון מיר". (בראשית כב: 12.) צו דיזער צייט האָט גאָט בענייט זיין הבטחה צו אברהמען

און האָט עס צונויפגעבונדען מיט זיין שבועה, זאָגענדיג:
„איך האָב געשוואָרען ביי מיר אַליין, דאָס ווייל דו האָסט
דיזע זאַך געטאָן, און האָסט ניט אָפּגעהאַלטען דיין זוהן,
דיין איינציגען זוהן: דרום וועל איך דיר בענשען מיט
ברכות און וועל פערמעהרען דיינע קינדער ווי די שטערען
אין הימעל און ווי די זאַמד וואָס אויפ'ן ברעג־ים; און דיי־
נע קינדער זאָלען בעזיצען די טויערען פון זיינע פיינד;
און אין דיינע קינדער וועלען אַלע
נאַציאָנען פון דער וועלט געבענשט
ווערען, ווייל דו האָסט צוגעהערט מיין שטימע. —
(בראשית כב: 16—18.)

דיזע ברכה צו אברהמ'ען איז נאָך ניט ערפילט געוואָ־
רען. עס מוז נאָך ערפילט ווערען, ווייל גאָט איז ניט הינ־
טערשטעליג אין קיינע פון זיינע פערשפּרעכונגען. ער
בייט זיך ניט. (מלאכי ג: 6.) עס איז קלאָהר, דאָס די
ברכות וואָס זיינען דאָ געמיינט זיינען לעבען, פרייהייט און
גליק — אַ צוריקשטעלען פון דיזעלבע זאַכען וואָס אדם
האָט פערלאָרען דורך זיין ניט־געהאָרכזאַמקייט. אַלע
נביאים וואָס האָבען געשריבען נאָכהער, האָבען פאָראויס־
געזאָגט דאָס קומען פון אַזעלכע צייטען פון אויפשטעלונג
צום פריהערדיגען שטאַנד און זעגען.

דער פּסק־דין פון די פערארטיילונג געגען אדמ'ען
האָט ניט געקענט אָפּגעשאַפט ווערען ווייל עס וואָלט גע־
זיך זעהר געפּאַסט, ווען אין גאָטס בעל־הבית'ישקייט איז
דאָ אַן אויסוועג פאַר'ן אויספיהרען פון פּסק־דין, אום דאָס
די ווירדע און מאַיעסטעט פון געטליכען געזעץ זאָל ניט
פערלעצט ווערען. דאַרום האָט גאָט געמאַכט אַ פערזיכע־
רונג דורך דעם נביא הושע זאָגענדיג: „איך וועל זיי אויס־
לייזען פון די קראַפט פון גרוב; איך וועל זיי אויסלייזען
פון טויט: אָ טויט, איך וועל דיך פערשניידען; אָ קבר,
איך וועל דיך אויסראָטען.“ (הושע יג: 14.)

דיזער מיטעל פאַר דער אויספיהרונג פון גערעכטיג־
קייט און דאָס אויסלייזען די מענשהייט פון די פעראורטהיילונג האָט געמוזט קומען דורך דעם פריוויליגען קרבן פון אַן אַנדער פאָלקאָמענעם מענשען. דאָס וואָרט אויסלייז מיינט אַ ריכטיג פאַסענדער פרייז דאַפיר. אַ פאָלקאָמענער מענש האָט געזינדיגט אין האָט פערלאָרען לעבען, פרייהייט און גליק. דיזע שטראָף פאָדערט דער געטליכער געזעץ. נאָר אַזוי ווי גאָט האָט געקענט מאַכען אַן אויסוועגס־פונקט און האָט עס אויך געטאָהן, פאַרבעריטענדיג אַ מיטעל, דאָס אויב עס וועט זיך געפינען אַן אַנדער פאָלקאָמענער מענש וואָס וועט פריוויליג ערלויבען דאָס מען זאָל איהם בערויבען פון זיין לעבען, פרייהייט און גליק, דאַן זאָלען דיזע רעכטע פערוועקסעלט ווערען אויף די יעניגע וועלכע אָדם האָט פערלאָרען, און אויף אַזוי אַן אופן זאָל געלייגט ווערען אַ פונדאַמענט אָדער גרונדלאַגע אויף וואָס גאָט זאָל קענען צוריקגעבען אדם און זיינע נאָכגעקומענע דאָס לעבען, גליק און לעבען. געווים, דער פועל־יוצא איז, דאָס קיינער פון אדם הראשון'ס נאָכגעקומענע וואָלטען ניט געקענט נאָכקומען די געטליכע פאָדערונגען; די אורזאַכע איז ווייל זיי אַלע זיינען אונפאָלקאָמען. דרום האָט דער בעל־תהלים געשריבען: „קיינער פון זיי קען אין קיין וועג ניט אויסלייזען, אויך קען ער ניט געבען צו גאָט קיין אויסלייז־געלט פיר איהם". (תהלים מט: 7). וואָס דען, אַלזאָ, קען געטהאָן ווערען אום די מענשליכע ראַסע צו ערלייזען.

## דער אויסקויפער

יוחנן דער שליח פערצייכענט דעם פאַקט, דאָס דאָס וואָרט אָדער לאָגאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון גאָטס בעשאַף, און דאָס ער (דער לאָגאָס) איז נאָכדעם געווען דער פערמיטלער וואָס איז געוואָרען טהעטיג אין דעם בע־

שאַף פון יעדער זאַך וואָס איז געמאַכט געוואָרען; און דאָס דאָס וואָרט (לאָגאָס) איז געמאַכט געוואָרען לייב, און האָט געלעבט אונטער אונז, און מיר האָבען געזעהען זיין גרויסקייט, די גרויסקייט ווי פון איינעם וואָס איז איינ־ציג געבאָרען פון פאָטער, אָנגעפילט מיט חן און אמת". (יוחנן 1 : 14). מתתיהו גיט די בעשרייבונג פון ישוע'ס געבורט: דאָס ער איז געבאָרען ניט דורך מענשען אָבער דורך גאָט'ס כח; דאַרום האָט ער ניט געהאַט קיינע פון די גע'ירש'ענטע פער'משפט'קייט אָדער די אָנשטעקיגקייט פון אדם הראשון. דער ל אָ ג אָ ס איז טראַנספערירט געוואָרען פון דער גייסטליכער צו דער מענשליכער שורה. ער איז געוואָרען דאָס קינד ישוע. ער איז געבאָרען גע־וואָרען „הייליג, אונשולדיג, אָהן אַ פלעק, אָפּגעזונדערט פון זינד" (העברעער 7 : 26); „ער איז געווען אָהן זינד". (1 פעטער 1 : 19.) ער איז געבאָרען געוואָרען אונטער דעם בונד פון געזעץ, וועלכער האָט בעשטימט דאָס דער געזעצליכער אַלטער פיר די דיענסט פון אַ כהן איז דריי־סיג יאָהר. דאַרום איז ישוע געווען פאָלקאָמען פיזיש, אינטעלעקטועל און מאָראַליש, ווען ער האָט דערגרייכט די יאָהרען פון דיענסט־פערטיגקייט — פאָלקאָמען נאָכ'ן גע־זעץ, פינקטליך גענענגעשטעלט צום פאָלקאָמענעם אדם הראשון אין גן עדן בעפאָר ער איז געוואָרען אונגעהאָרכ־זאַם צום געטליכען געזעץ. ווארום האָט גאָט געוואָלט דאָס זיין זוהן זאָל טרענספערירט ווערען פון גייסטליכען צום מענשליכען צושטאַנד? ווארום איז ער איבערהויפּט אויף דער ערד געקומען? זאָל ישוע אַליין ענטפערען: „דער מענשענזוהן איז ניט געקומען אום מען זאָל איהם דיענען, זאָנדערן צו דיענען, און צו געבען זיין לעבען פיר אַן אויסקויף פיר פיעלע." (מתי' 20 : 28.) און ווידער האָט ער געזאָגט: „איך בין געקומען אום דאָס זיי זאָלען האָבען לעבען, און זאָלען עס נאָך האָבען אין אַ גרעסערער מאָס."

(יוחנן 10 : 10.) ווידער, ריידענדיג אין פערשטעלטער שפּראַכע אָדער סימבאָלישע אויסדריקע, האָט ער זיך געגלי־כען צו ברויט, וועלכע מענשען עסען און לעבען, זאָגענדיג: „איך בין דאָס לעבעדיגע ברויט, וואָס איז פון הימעל אַראָפּ געקומען: ווער עס וויל עסען פון דיזען ברויט, וועט איי־ביג לעבען; און דאָס ברויט וואָס איך וועל געבען איז מיין לייב [די מענשליכקייט], וואָס איך וועל געבען פיר דאָס לעבען פון דער וועלט.“ (יוחנן 6 : 51.)

## דער אויסלייז־פּרייז

דאָס וואָרט אויסלייזונג מיינט צו ערווערבען, און דער אויסלייז־פּרייז מיינט דער אַקוראַט צוגעפּאַסטעד פּרייז. אַ פאָלקאָמענער מענש האָט געזינדיגט און האָט אַלעס פער־לאָרען. אַ פאָלקאָמענער מענש וואָלט נאכהער, געהענדיג פרייוויליג צום טויט, געליפערט דעם פּאַסיגען פּרייז אום אויסצוקויפען די מענשהייט. ישוע איז ניט געווען קיין זינדער. ער האָט קיינמאָל קיין עברה ניט געטאָהן. וואָ־רום דען האָט ער געדאַרפט געהן צום טויט? סט. פאול ענטפערט: „משיח איז געשטאָרבען פאַר אונזערע זינד נאָך דער שריפט.“ (1 קאָרינטהיער 15 : 3.) דער אַפּאָס־טעל יוחנן גיט צו: און ער איז אַליין אַן אויסלייזונג [אַ צופרידענשטעלונג] פיר אונזערע זינד: און ניט נור פיר אונזערע, נאָר פיר די זינד פון דער גאַנצער וועלט“. (1 יוחנן 2 : 2.)

„גאָט האָט אַזוי די וועלט געליעבט, דאָס ער האָט געגעבען זיין איינציג געבאָרענעם זוהן, אום דאָס יעדער וואָס גלויבט אין איהם זאָל ניט פערלאָרען ווערען, זאָנדערן זאָל האָבען אייביגעם לעבען. דען גאָט האָט ניט געשיקט זיין זוהן אין דער וועלט אַריין, דאָס ער זאָל די וועלט פערשולדיגען; זאָנדערן דאָס די וועלט זאָל דורך איהם גע־

רעטעט ווערען". (יוחנן 3 : 16, 17.) ישוע איז געבראַכט געוואָרען צום טויט אין לייב, אַ מענש, און איז אַרויסגע־נומען געוואָרען פון טויט אַ גייסט, געטליך אין דער נאַ־טור. (1 פעטער 3 : 18.) ער איז אַרויף אין דער הויך אַלס אַ געטליכעס וועזען, האָבענדיג דאָס רעכט צום פאָל־קאָמענעם מענשליכען לעבען, פערנעהמענדיג יעצט דעם פּלאַץ וואָס אָדם הראשון האָט פערלאָרען; און דורך דיזען פאָלקאָמענעם מענשליכען לעבען און אַלעם וואָס געהערט דאַצו האָט ער געקריגען די אויסלייזונג אָדער דעם ערווע־בונגס פרייז אום אויסצוקויפען און צו ראַטעווען די גאַנצע מענשהייט פון טויט. אַזוי זיכער ווי גאָט האָט געמאַכט דיזען מיטעל, אַזוי וועט ער דאָס אויך אַריינברינגען אין פולער קראַפט און ווירקונג.

מען זאָל בעמערקען דאָס ווען גאָט האָט געמאַכט זיין צוזאָג צו אברהמ'ען האָט ער געזאָגט: אין ד י י נ ע ז אַ מ ע ן זאָלען אַלע פאַמיליעס פון דער ערד געבענשט ווערען." (בראשית כח : 14). די ברכה וואָס איז דאָ צו־געזאָגט געוואָרען איז אייביגעס לעבען. (רוימער 6 : 23.) עס פאָלגט,אַלזאָ, דאָס ד ע ר ז אַ מ ע ן אַליין דאַרף זיך ענטוויקלען איידער די ברכה פון אייביגעס לעבען און די ברכות וואָס געהען צוזאַמען דאַמיט זאָלען פערשפּרייט ווע־רען אויף דער מענשהייט ד ו ר כ 'ן ז אַ מ ע ן. דער זאַמען וואָס איז אָנגעגעבען אין פערשפּרעכונג איז געווען אַ סוד פאַר דורות און געשלעכטער. עס איז נאָך אַ סוד פאַר אַלעמען אויסער פאַר די וואָס האָבען זייער האַרץ אי־בערגעגעבען צום האַר און וואָס האָבען פלייסיג געזוכט צו פערשטעהן וואָס דער זאַמען בעדייטעט. דער אַפּאָס־טעל פאול האָט ערקלערט דורכ'ן רוח הקדש די מיינונג פון זאַמען: „אַלזאָ זיינען די הבטחות צוגעזאָגט געוואָרען צו אברהמ'ען און צו זיין זאַמען. עס הייסט ניט, און צו די זאַמען, פיעלע (רבים), זאָנדערן אין לשון יחיד, און צו

דיין זאַמען, וועלכער איז דער משיח." (גאַלאַטער 3 : 16.)
דאָס וואָרט קריסטוס מיינט דער געזאַלבטער. דאָס וואָרט משיח מיינט אויך דאָסזעלבע. דער משיח בעשטעהט פון ישוע'ן אין דער הערליכקייט אַלס הויפּט און פון די גליעדער פון זיין קערפּער און דאָס זיינען די אויסדערוועהלטע. „דען וויפיעל פון אייך וואָס זיינען צום משיח גע'טובל'ט געוואָרען, די האָבען דעם משיח אָנגעטאָהן. און ווען איהר געהערט צום משיח אַזוי זייט איהר דער זאָמען פון אברהם און יורשים נאָך דער הבטחה". (גאַלאַטער 3 : 27, 29.) און ער איז דער קאָפּ פון קערפּער וואָס איז די קהלה: און ער איז דער אָנהויב, דער ערשטער אַרויס פון די טויטע, כדי ער זאָל אין אַלע זאַכען אַליין זיין דער ערשטער." (קאָלאָסער 1 : 18.)

גלחים אַלס אַ קלאַס, בעזונדערס אין דער נייער צייט, זעהט אויס, האָבען אינגאַנצען מיספערשטאַנען די אויפגאַבע פון אַ קריסטען און דעם צוועק וואָס גאָט האָט אין דער ענטוויקלונג פון דיעזער קלאַס. זיי האָבען אָפּגעקלערט דעם געדאַנקען און האָבען עס פאַרגעבראַכט צום פאָלק, דאָס יעדער מוז זיך אָן אירגענד וועלכער קירכליכער סיסטעמע אָנשליסען אום צו ווערען גערעטעט, וועהרענד די שריפט לעהרנט אייגפאַך דאָס גאָטס צוועק און פּלאַן איז, דאָס דורך דער צייט וואָס פערגעהט פון די קרייציגונג פון האַר ביז דעם אויפשטעלען פון זיין מלוכה וועט ער אויסוועהלען פון מענשען זיין קהלה. דאָס וואָרט קהלה מיינט אין אָריגינאַל אַן אויסערוועהלטער קלאַס. עס מיינט ניט אַ קירכליכע סיסטעמע, עס מיינט די אמת'ע נאָכפאָלגער פון דעם מייסטער וואָס געהען נאָך געטריי דעם האַר ביז צום טויט. דער אַפּאָסטעל פּאול רעדט פון דער קהלה ווי פון „איינער וואָס איז פון דעם ערשטגעבוירענעם, וועלכע זיינען פערשריבען אין הימעל". (העברעער 12 : 23.) ער זאָגט ניט, וועמענס נעמען עס זיינען פער־

שריבען אין די קירכען ביכער, אָדער די וואָס האָבען אונ־
טערגעשריבען פערפליכטונגען מיטצושטייערען אַזוי פיעל
און אַזוי פיעל געלט — ניט די נעמען פון יענע וואָס זיי־
נען פערצייכענט ביי מענשען, נאָר די יעניגע וואָס זיינען
פערצייכענט פון גאָט אין די הימלישע רעגיסטערען, אויפ'ן
גרונד פון זייער זיין געהייליגט און געטרייען דיענסט צו
איהם. דער געטליכער צוועק איז קלאָר אויסגעדריקט:
„גאָט האָט צום ערשטען מאָל בעזוכט די גוים, און האָט
פון זיי אַרויסגענומען אַ פאָלק פיר זיין נאָמען. און דאָס
שטימט איין מיט די ווערטער פון די נביאים; ווי עס
שטעהט געשריבען: נאָך דיזע בעגעבענהייטען וועל איך
זיך אומקעהרען און וועל אויפבויען דאָס געצעלט פון דוד
וואָס איז איינגעפאַלען; און איך וועל ווידער אויפבויען
די חורבות דאַפון און וועל עס אויפשטעלען; אום דאָס
די איבערגעבליבענע פון מענשען זאָלען פאָרשען נאָך דעם
האַר און אַלע גוים אויף וועלכע מיין נאָמען וועט זיין גע־
רופען, זאָגט דער האַר, וואָס טוהט דאָס אַלעס.“ (אַפּאָסטעל־
געשיכטע 15 : 14—17.)

אין דער שריפט ווערט דער אויסדרוק ריינע בתולה
געברויכט צו סימבאָליזירען די כלה פון משיח, די אמת'ע
קהלה; און דער אויסדרוק אונאָרענטליכע פרוי, אָדער זונה,
געברויכט צו סימבאָליזירען די פאַלשע סיסטעמע; און
דער האַר האָט געוויזען דאָס די צוויי וועלען זיך ענטוויק־
לען איינע נעבען די אַנדערע און דאָס דער קלאַס בעצייי־
כענט דורכ'ן אויסדרוק פון ריינע בתולה וועט פערפאָלגט
ווערען דורך דעם ניט־אָרענטליכען קלאַס. דער האַר ישוע
האָט געגעבען אַ משל, גלייכענדיג די צוויי קלאַסעס צו
ווייץ און אונקרויט, די אמת'ע געמיינדע זייענדיג בע־
צייכענט ווי ווייץ, און די אַנדערע בעצייכענט אַלס אונ־
קרויט (מתיה 13 : 24—39.) ער האָט געזאָגט: „לאָזט זיי
ביידע צוזאַמען וואַקסען ביז צו דער שניט־צייט, און אין

דער שניט־צייט וועל איך זאָגען צו די שניטער: זאַמעלט צוערשט איין דאָס אונקרויט, און בינדט עס אין בינדלעך אום דאָס מען זאָל עס פערברענען, אָבער זאַמעלט דעם ווייץ אין מיינע שפּייכלער אַריין.“ די גרויסע פערפעלשטע סיסטעמען בינדען זיך זעלבסט אין בינדלאך און דער האַר קלייבט די אמת׳ע געהייליגטע צו זיך זעלבסט. געבענדיג די מיינונג פון דיזען משל האָט ישוע געזאָגט: „דער גוטער זאַמען זיינען די קינדער פון דעם קעניגרייך; און דאָס אונקרויט זיינען די קינדער פון דעם שלעכטען; דער פיינד וואָס האָט געזייעט איז דער שטן; די שניט־צייט איז דאָס ענד פון דעם צייט־אַלטער“. (מתיה 13: 38, 39.) ווידער ענטפערענדיג די פראַגע וועגען דעם וואָס עס וועט פּאַסירען ביי דער ענדע פון דעם צייט־אַלטער, האָט ער געזאָגט, דאָס ער וועט שיקען זיינע שלוחים מיט דעם „שאַלען פון טרומפּעט [פערקינדיגונג פון אמת]. און זיי וועלען זאַמלען זיינע אויסדערוועהלטע פון די פיער ווינדען, פון איין עק פון הימעל ]גלח׳ישע סיסטעמען] ביז צום אַנדערען.“ (מתיה 24:31.) די לעצטע פערציג יאָהר אָדער מעהר האָבען זיך די אמת׳ע משיחיים געזאַמעלט צוזאַמען ניט קוקענדיג אויף אני מאמינ׳ס אָדער סעקטען; צו דערזעלבער צייט בינדען זיך די סעקטען צוזאַמען אין גרויסע חברות אָדער ליגעס, און מאַכען פיעל טומעל וועגען בעקעהרען די וועלט.

## דעם קריסטענס ליידען

עס איז געוואָרען זעהר פּאָפּולער צו ווערען אַ מיטגליעד פון וועלכער עס איז קירכען סיסטעם אָדער זיך אָנשליסען אן דער אַלקירכליכער וועלט בעוועגונג; און דער מאַן אָדער די פרוי וואָס שטייערט מיט די גרעסטע סומע געלט איז דעריעניגער וואָס ערהאַלט דעם גרעסטען כבוד.

פערקעהרט, עס איז קיינמאָל ניט געווען פּאָפּולער צו זיין אַ משיח, אַ נאָכפאָלגער פון ישוע; און דאָס איז נור דאַרום ווייל די געטליכע פּראָגראַמע איז: „מיר מוזען דורך פיעל ליידען אַריינקומען אין קעניגרייך פון הימעל". (אַפּאָסטעלגעשיכטע 14 :22.) ישוע האָט געזאָגט: „ווער עס וויל מיר נאָכפאָלגען, דער זאָל זיך זעלבסט פערלייקענען און זאָל זיין קרייץ אויפנעהמען און מיר נאָכפאָלגען." (מתיה 16 :24.) ישוע האָט זיך אינגאַנצען געהייליגט צו טאָהן דעם ווילען פון זיין פאָטער. די וואָס געהען אין זיינע טריט דאַרפען דאָסזעלבע טאָהן. ישוע האָט געליטען אונווירדיגקייטען און פערפאָלגונג פון די רעליגיאָניסטען פון זיין צייט. זיינע נאָכפאָלגער מוזען דורכגעהן דיזעלבע פּראָבע, „דען איהר זייט דאַצו בערופען, ווייל דער משיח האָט אויך געליטען פאַר אונז, און האָט אונז איבערגעלאָזט אַ ביישפּיעל, אום דאָס איהר זאָלט נאָכפאָלגען אין זיינע טריט." 1 פעטער 2 :21.) ישוע האָט געזאָגט: „דער תלמיד איז ניט איבער זיין רבי, און דער קנעכט איז ניט איבער זיין האַר: עס איז גענוג פאַר דעם תלמיד אַז ער זאָל זיין אַזוי ווי זיין רבי, און דער קנעכט אַזוי ווי זיין האַר. ווען זיי האָבען דעם בעל הבית גערופען בעל־זבוב, ווי פיעל מעהר וועלען זיי זיין הויזגעזינד אַזוי רופען?" (מתתיהו 10 :24, 25.) ווידער האָט ער געזאָגט צו זיינע נאָכפאָלגער: „ווען די וועלט האַסט אייך, אַזוי ווייסט איהר דאָס זי האָט מיך פריהער פון אייך געהאַסט: ווען איהר זאָלט זיין פון דער וועלט, דאַן וואָלט די וועלט די איהריגע געליעבט; אָבער ווייל איהר זייט ניט פון דער וועלט, זאָנדערן איך האָב אייך אויסערוועהלט פון דער וועלט, דרום האַסט אייך די וועלט: געדענקט דאָס וואָרט וואָס איך האָב אייך געזאָגט, דער קנעכט איז ניט גרעסער ווי זיין האַר, און זיי האָבען מיך פערפאָלגט. אַזוי וועלען זיי אייך אויך פערפאָלגען, ווען זיי האָבען מיין וואָרט געהאַלטען, אַזוי

וועלען זיי אויך אייערם האַלטען". (יוחנן 15 : 18—20.)
דער באַהן־לויף וואָס איז דייטליך אָנגעצייגט פיר די אמת'ע
נאכפאָלגער פון משיח ישוע איז צו ליידען פערלוימדונג
און פערפאָלגונג פון די נאָמינאַלע רעליגיאָניסטען און פון
זייערע אונטערשטופערם. „דער גייסט אַליין צייגט אויף
אונזער גייסט דאָס מיר זיינען די קינדער פון גאָט : און
ווען מיר זיינען קינדער זיינען מיר אויך יורשים ; יורשים
פון גאָט און מיט־יורשים מיט דעם משיח, ווען מיר ליידען
מיט איהם, כדי מיר זאָלען אויך מיט איהם פערהערליכט
ווערען". (רוימער 8 : 16, 17.) עס איז אַ זיכערע זאַך,
דאָס ווען מיר שטאַרבען מיט איהם וועלען מיר אויך מיט
איהם לעבען, ווען מיר ליידען מיט איהם וועלען מיר אויך
הערשען מיט איהם." (2 טימותיוס 2 : 11, 12.)

די געטליכע בעל־הבתישקייט פאָדערט עס אַלס בע־
דינגונג, דאָס דער אמת'ער משיחי זאָל פערפאָלקאָמט ווע־
רען דורך ליידען איידער ער געהט אַריין אין הערליכ־
קייט. די קהלה (אויסערערוועהלטע) איז נור אַ קליינע
צאָהל פערהעלטניסמעסיג ; און דיזע קהלה, צוזאַמען מיט
משיח ישוע, דעם הויפט, איז בערופען צו אַ הויכער און
ערהאַבענער לאַגע אין הימעל, אויפשטעלענדיג די זאַמען
פון אברהם נאָך דער הבטחה ; און דאָס איז אויך געמיינט
מיט די שטערען וואָס איז דערמאָנט אין דער הבטחה.
דאַרום ווייל די ערהויבונג איז אַזוי גרוים, לאָזט זיי גאָט
דורכגעהן דורך אַ פעריאָדע פון שווערע אַנגעלעגענהיי־
טען און ליידען אום זיי זאָלען האָבען די געלעגענהייט
צו איבערציינען זייער טריייע, לאָיאַלע איבערגעבענהייט
צו איהם, „דען, דעם וואָס אַלעס איז פון זיינעטוועגען
און אַלעס איז דורך איהם, האָט געפאַסט, ברענגענדיג
פיעלע זיהן צו הערליכקייט, אַז ער זאָל דורך ליידען מאַכען
פאָלקאָמען דעם פירשט פון זייער ערלייזונג. דען דער
וואָס הייליגט און די וואָס זיינען געהייליגט זיינען אַלע

פון איינעם; דעסטוועגען שעהמט ער זיך נים זיי צו
רופען ברידער.״ (העברעער 2 : 10, 11.)

אין איינקלאנג מיט גאָטס פעראָרדנונג דארף די קהלה
דורכגעהן דעם קורס פון ליידען. דעם קאָפּ און די גלידער
פון קערפּער האָט מען זעהר אָפט פאַלש בעשולדיגט אין
פערברעכען. סט. פאול און אויך דער האַר זאָגען אונז,
דאָס שטן איז דער גאָט פון דיזער וועלט. (2 קאָרינטהיער
4 : 4.) מיר לעזען אָבער דאָס די גאַנצע וועלט ליגט אין
די הענט פון דעם שלעכטען. (1 יוחנן 5 : 19.) די רעגירונ־
גען פון דער ערד, דאַרום, זיינען געווען אונטער די הער־
שאַפט פון שטן, און די זאַמען פון שטן איז און איז געווען
די ווערקצייג וואָס ער האָט בענוצט פיר׳ם צוועק פון
פערפאָלגונג. אין די צייטען פון דעם האַר זיינען די שריי־
בער, פרושים און די חכמים פון גרזעין, וואָס האָבען זיך
אָנגעגעבען פיר די וועלכע זיינען במקום משה אין שטעלען
פאַר גאָט אויף דער ערד, געווען די פיהרער פון פערפאָל־
גונג אויף דעם האַר. ישוע האָט זיי איינפאַך געזאָגט,
דאָס זיי זיינען אַ טהייל פונ׳ם שלאַנג, דעם טייוועל. עס
וואָלט זעהר אין אָרדנונג געווען, אַלזאָ, צו געפינען דאָס
שטן האָט אַריינגעשפּריצט אין די קעפּ פון זיינע ווערק־
צייגע אַ געדאַנקען צו בעשולדיגען די נאכפאָלגער פון ישוע
אין פערברעכען פון העצען צום אויפשטאַנד געגען זיין
(שטן׳ס מלוכה. די נאָמינאַלע (נור אין נאָמען) רעליגיאָ־
ניסטען פון ישוע׳ס צייטען האָבען איהם בעשולדיגט אין
פערברעכען פון העצען צום אויפשטאַנד און האָבען גע־
בראַכט דערצו דאָס ער איז הינגעריכטעט געוואָרען אויף
דיזער קלאַגע. סט. סטעפען, דער ערשטער מאַרטירער
פיר אמת׳ע קריסטענטהום וואָס פאָלגט נאָך דעם פיהרער,
איז פערוואָרפען געוואָרען מיט שטיינער ביז צום טויט,
נאָכדעם ווי מען האָט איהם פעראורטיילט דורך פאַלשע
עדות אויף דער קלאַגע פון העצען צום אויפשטאַנד. סט.

פאול, צוליעב זיין טרייהייט צום האר; איז פערהאפטעט געוואָרען אין געפענגנים אויף פיער יאָהר און איז אויף אַנדערע אופנים שלעכט בעהאַנדעלט געוואָרען אויף גרונד פון דערזועלבער קלאַגע. יוחנן דער אָפענבאַרער איז פער־טריבען געוואָרען אויף אַן אינזעל פאטמאס און געצוואונ־גען געווען אָנצוטאָהן די קליידער פון אַן ארעסטאַנט און האַקען־שטיינער אויף'ן גרונד פון אַן עהנליכער קלאַגע. די געשיכטע פון דער וועלט צייגט, דאַס די אמת'ע נאָכ־פאָלגער פון ישוע האָבען געהאַט געגנער און זיינען פער־פאָלגט געוואָרען איבעראַל און אין אַלע צייטען.

צו אילוסטרירען דיזען פאַקט: די נאָמינאַלע קירכע פון ענגלאַנד איז געוואָרען אַ טהייל פון דער פּאָליטישער מאַכט און די יעניגע וואָס האָבען ניט געוואָלט איינשטי־מען מיט איהר אַלס שטאַאט־קירכע זיינען פערפאָלגט גע־וואָרען. ניט ווייט פון לאָנדאָן שטעהט אַ געביידע וואָס איז געשטעלט געוואָרען אין אָנדיינקונג פון די מענשען וואָס זיינען פערברענט געוואָרען אויף יענעם אָרט ווייל זיי האָבען זיך ענטזאַגט אָנצוקומען די פון מעשען־געמאַכטע טהעאָריעס פון רעליגיאָן. יאהן בוניאן, אַן איינפאַכער נאכפאָלגער פון ישוע, האָט זיך ענטזאגט נאָכצופאָלגען די פון מענשען־געמאַכטע טהעאָריעס, איז ער אַרעסטירט געוואָרען. דער גלח, וועמען מען האָט געשיקט זיך דורכ־צוריידען מיט בוניאן, האָט איהם געזאָגט עטוואָס פון דיזער בעדייטונג: מען וועט אייך האַלטען אין געפענג־נים דריי מאָנאַט. אויב איהר וועט טאָהן תשובה אין פערלויף פון דער צייט און וועט ווערען איינשטימיג מיט דער שטאַאט־קירכע וועט איהר ענטלאסען ווערען; אין אַנדערען פאַל וועט מען אייך טויטען. און בוניאן האָט רוהיג געענטפערט: „איהר קענט מיר שוין יעצט דעם טויט מאַכען; איך וועל קיינמאָל ניט ווערען איינשטימיג."

**מען האָט איהם צוועלף יאָהר געהאַלטען אין געפענגנים,**

דורך וועלכער צייט ער האָט אָנגעשריבען דאָס בוך „פ י ל ג ר י מ ׳ ס פ ר אָ ג ר ע ס,“ וואָס איז געוואָרען א גרויסער טרויסט און הילפע פיר קריסטען וואָס זיינען געגאַנגען אויף דעמזעלבען וועג פון דאמאָלס ביז יעצט.

ריידענדיג פון די סמנים וואָס וועלען צייגען אויף דער ענד פון דער וועלט, האָט ישוע געזאָגט ווייטער: „דאַן וועלען זיי אייך [מיינענדיג זיינע נאָכפאָלגער] מאַכען ליידען, און וועלען אייך טויטען: און איהר וועט פון אַלע נאַציאָנען געהאַסט ווערען וועגען מיין נאָמען.“ (מתיה 24 : 9.)

עס איז אָפט אמת דאָס מען נוצט אויס די געלעגענהייט פון מלחמה און אונרוה אום אויסצולאָזען די שלעכטע געפיהלען צו אַנדערע. ווען די גרויסע מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען האָט מען געוויסע קריסטען, בעקאַנט אונטער דעם נאָמען ביבעל־פאָרשער שלעכט בעהאַנדעלט, געשטעלט אין די פאָדערשטע רייהען פון געפעכט, און זיינען געוועזען די ערשטע גע׳הרג׳עט צו ווערען, צוליעב דעם וואָס זיי האָבען פערלאַנגט דאָס מען זאָל זיי פריי מאַכען פון מיליטער־דיענסט אין געפעכט, ווייל דאָס איז געגען זייער איבערגעבענהייט און טרייהייט צום האַר וואָס האָט זיי אָנגעזאָגט ניט צו טויטען. אין אויסטרייך, דער שטאַרקער מויער פון איינע פון די גרויסע גלח׳ישע סיסטעמען, האָט מען פיעלע פון דיזעלבע ביבעל־פאָרשער געטויטעט און אַנדערע אַריינגעזעצט אין געפענגנים דורך דער צייט פון דער מלחמה. אין קאַנאַדאַ האָט מען פיעלע געשלעפט אין געריכט און פעראורטיילט אין אַ שנעלען אופן, ניט געבענדיג די מעגליכקייט פאַר פערטיידיגונג, און זיינען בעשטראָפט געוואָרען אָדער אין געפענגנים געזעצט געוואָרען אויף דער בעשולדיגונג דאָס זיי האַלטען ביי זיך ביבעל מיט געוויסע פרושים, געזאַנג ביכער וואָס זיי האָבען בענוצט שוין זייט יאָהרען פריהער אין גאָטעס־

דיענסט און אנדערע ליטעראַטור אין איינקלאנג מיט דער שריפט. צום ערשטווינען פון פיעלע לייטע איז אין די פעראייניגטע שטאַאַטען אויך אָנגעגאַנגען אַ גרויסע פער־פאָלגונג פון די געוויסענהאַפטע נאָכפאָלגער פון דעם האַר אין דיזען לאַנד. קיין קריסט וועט זיך ניט ערלויבען צו ווערען אויפגעבראַכט וועגען דיזע אונגערעכטע האַנדלונ־גען, נור ער אנערקענט עס אַלס אַן ערפילונג פון די געטלי־כע נבואות און אַלס איינער פון די סמנים, וואָס דער האַר האָט געגעבען צו די יעניגע וואָס געהען מיט עכנעה נאָך די געטליכע פעראָרדנונג, דאָס זיי זאָלען אויף געזוים וויסען דאָס זיי געהערען צו איהם. דער אַפּאָסטעל האָט געשרי־בען אין גייסט: „געליבטע, לאָזט אייך ניט אָפּהענדיג גע־מאַכט ווערען דורך די פייערדיגע נסיונות וואָס קומען צווישען אייך אום אייך צו פּרובירען, אַלס וואָלט עפּעס נייעס פּאַסירט: זאָנדערן פרעהט אייך וואָס איהר האָט אַ טהייל אין די ליידען פון משיח, אום אייך צו געבען די געלעגענהייט זיך אויך צו פרעהען מיט גרוים שמחה אין דער אָפּענבאַרונג פון זיין הערליכקייט. ווען איהר זייט געלעסטערט וועגען דעם נאָמען פון משיח זייט איהר געבענשט; ווייל דער גייסט פון הערליכקייט און פון גאָט רוהט אויף אייך. פון זיי איז איינער געטאַדעלט, אָבער ער איז פון אייער שטאַנדפּונקט געהערליכט.“ (1 פּעטער 4: 12—14).

ישוע און די גלידער פון זיין קערפּער זיינען אויף אַזאַ אופן דורך ליידען און שווערענישען ענטוויקעלט געוואָרען אין איינקלאַנג מיט די געטליכע פעראָרדנונג צו בילדען דעם זאַמען פון אברהם; און דורך זיי וועט נאָכדעם דער זעגען זיך פערשפּרייטען אויף אַלע פאַמיליעס פון דער ערד. דער אַפּאָסטעל פּאול, אַראָפּקוקענדיג מיט אַ נביאי־שען בליק דורך די קאָרידאָרען פון די דורות, בעמערקענדיג די ליידען פון דער מענשהייט און די ענטוויקלונג פון דעם

משיחישען קלאַס, ד י  ז אַ מ ע ן, האָט אויסגעשריען:
„אַלעס וואָס איז אין דעם גאַנצען בעשאַף זיפצעט און
ליידט אין שווערעניש אום עס זאָלען זיך אַרויסצייגען
די קינדער פון גאָט.“ (רוימער 8: 19, 22.)

## דאָס אָנקומען פון קעניגרייך

די מלחמות, מגפות, צרות פון די נאַציאָנען א. ז. וו.,
אויף דער ערד זיינען נור די אָנזאָגערס פון די גרינדונג
פון דער מלוכה פון משיח. דער האַר האָט געזאָגט דורך
זיין נביא: איך וועל אויפטרייסלען אַלע נאַציאָנען, און
עס וועט אָנקומען דער פערלאַנג פון אַלע נאַציאָנען.“
(חגי ב: 7.) און אַלס דיזע גרויסע טרייסלונגען געהען
אָן און מאָנאַרכען פערלירען זייערע קרוינען, אַריסטאָקראַ־
טישע און אויטאָקראַטישע טראָנען פאַלען צו דער ערד,
שאַלען אַרויס קלאָהר די ווערטער פון דעם פראָפעט אין
די אויערען פון די נאָכפאָלגער פון ישוע: „און אין די
טעג פון דיזע מלכים וועט דער הימלישער גאָט איינריכטען
אַ מלוכה, וועלכע וועט קיינמאָל ניט צושטערט ווערען:
און די מלוכה וועט ניט איבערגעלאָזט ווערען צו אַנדערע
לייטע, זאָנדערן עס וועט אויף שטיקלאַך צוברעכען און
פערצעהרען דיזע אַלע מלוכות און זי וועט פערבלייבען
אויף אייביג“. (דניאל ב: 44.)

אליהו איז געווען אַ טיפּ פון די נאָכפאָלגער פון
משיח ישוע; און גאָט האָט איהם געברויכט פאָרצושטע־
לען די פאַסירונגען, וואָס וועלען פאָרקומען צו דער ענדע
פון דער וועלט, ווי מיר האָבען שוין בעפאָר דערמאָהנט.
(זעה בלעטער 20־22.) אין די ערפילונג פון געגען־בילד,
ד. ה. די פאַסירונגען פון היינטיגע צייטען, האָט דער
אליהו־קלאַס געוואוסט דאָס די מלחמה קומט אָן; און
איינער פון זיי, פאַסטאָר ראססעל, האָט אין פערלויף פון

פערציג יאָהר אָנגעצייגט פון די נביאים דאָס עס וועט
פאַסירען אין 1914. גאָט איז ניט אין דער מלחמה, מיינט,
דאָס גאָטס מלוכה איז נאָך ניט אין פולען גאַנג. נאַכהער
קומט די ערדציטערניש, סימבאָליש פון רעוואָלוציאָן, וועל-
כע האָט שוין אָנגעכאַפּט אייניגע לענדער. נאכדעם וועט
אָנקומען אַנאַרכיע — צושטערענדע אונרוהען. אַנאַרכיע
מיינט דאָס בעזייטיגען פון יעדען געזעץ, געוויסע קלאַ-
סען וועלען זיך נעהמען די רעכט אויסצונוצען זייער מאַכט
אין הערשאַפט אָהן ערליבעניש און וועלען אַזוי נאָך פער-
אורזאַכען אונבעשרייבליכע צרות און ליידען. גאָט איז
ניט דאַרין, אָבער דאָס איז אויך אַ מיטעל אָפּצוריינ יגען
דעם פּלאַץ בעפאָר די מלוכה וועט געגרינדעט ווערען.
נאַכהער האָט אליהו געהערט אַ שטילען און קליינעם
קול. דער שטילער און קליינער קול איז אַן אָנזאָג פון גאָט.
די שטימע איז געברויכט צו סימבאָליזירען אַן אָנזאָג אָדער
אַן אָנזאָגער. גאָט האָט שוין מיט פיעלע יאָהרען צוריק
אַריינגעלייגט די בשורה אין זיין וואָרט, די ביבעל, פיר
די נוצען פון די וועלכע לעבען אין דיזע צייטען פון אַנגסט.
די מאַססען פון דער ערד איבעראַל שרייען; זיי זיינען
צומישט; זיי זיינען אין שווערעניש; זיי זיינען כמעט שוין
אַרויסגעשלאָגען פון די כחות. אָבער ווען מען וואָלט זיי
געקענט הערען אויסדריקענדיג זייער ערנסטען פערלאַנג
יעצט, וואָלט אָהן צווייפעל זיך דערטראָגען פון יעדען ווינ-
קעל פון דער ערד דיזער פערלאַנג: גיב אונז אַ רעגירונג
פון גערעכטיגקייט מיט אַ קלוגען רעגיערער וועלכער זאָל
איינפיהרען געזעצליכקייט אין אַלעמענס נוצען; גיב אונז
שלום און ניט מלחמה; גיב אונז דאָס נויטיגע און ניט
בלוטזויגערס; גיב אונז פרייהייט און ניט צולאָזענקייט;
גיב אונז לעבען און ניט ליידען און טויט. ווייט פון
דער פערגאַנגענהייט קומט דער שטילער און זיסער קול
פון גאָט, אָנזאָגענדיג דאָס דיזער פערלאַנג וועט ערפילט

ווערען: „צו אונז איז א קינד געבאָרען געוואָרען, א זוהן איז אונז געגעבען געוואָרען; אויף איהם האָט מען אַרויפ־געלייגט די הערשאַפט; זיין נאָמען וועט זיין: וואונדער־באַר, בעל־עצה, שטאַרקער גאָט, אייביגער פאָטער, דער האַר פון פרידען. עס וועט קיין ענדע זיין צו זיין גרויסע שען דאָס זעלבע ווי פערליקענען גאָט זעלבסט, דארום מוז דער משפט אויסגעפיהרט ווערען. אָבער עס וואָלט סער הערשאַפט און צום פרידען; ער וועט איינריכטען און פערשטאַרקען דעם טראָן פון דוד מיט געזעצליכקייט און מיט גערעכטיגקייט פון דיזער צייט ביז אין די אייביגקייט. דער אייפער פון גאָט פון הערשאַפט וועט דאָס דורכפיה־רען.“ (ישעיה ט: 5, 6, 7.)

## דער יובל

דאָס פערשטעהן פון דעם יובל סיסטעם, וואָס גאָט האָט ביי אידען איינגעריכטעט, וואַרפט א שטראַהל פון ליכט אויף די באַלדיגע געשעהענישען. דער תנ״ך צייגט אויסדריקליך, דאָס די אידען, מיט וועמען גאָט האָט גע־האַנדעלט אין פערלויף פון מעהר אַלס 18 הונדערט יאָהר, זיינען א פאָרבילד (טיפישעס) פאָלק. זייער געזעץ איז טיפיש און צייגט אויף גרעסערע און בעסערע זאַכען אין דער צוקונפט. גאָט האָט געהייסען משה׳ן, דאָס ער מאַכט געוואָרען אין דעם יאָהר וואָס די אידען זיינען אַריינ־געגאַנגען אין דעם לאַנד כנען (ויקרא כה: 1-12.) דאָס איז געווען אין 1575 ב. ק., ד. ה. פאַר׳ן יאָהר 1, יעדער 50טער יאָהר האָט זיך גערעכענט יובל־יאָהר. דאָס איז געפייערט געוואָרען דעם 10טען טאָג פון זיבעטען חדש, ד. ה. אום יום כפור. „און איהר זאָלט היילינ האַלטען דעם 50טען יאָהר און איהר זאָלט פראָקלאַמירען פרייהייט דורך דעם לאַנד צו אַלע איהרע איינוואוינער; יובל זאָלט איהר מאַכען

אין יעדערער זאָל צוריקקעהרען צו זיין פאַמיליע.״ (אין ויקרא, דעמיזעלבען קאפּ׳.) אַנדערע שטעלען אין תנ״ך צייגען, דאָס עס האָבען געדאַרפט זיין זיבציג יובל׳ס. (ירמיה כה: 11; דברי הימים ב׳ לו: 17־21.) אַן איינפאַכער חשבון פון דיזע יובל׳ס וועט אונז אַרויסברייגגען דיזען זיכבגען פאַקט: 70 יובלס פון 50 יאָהר יעדער איינער— בעטרעפט 3,500 יאָהר. אַזוי ווי דיזער סיסטעם האָט זיך אָנגעפאַנגען 1575 בעפאָר דעם יאָהר 1, קומט דאָך אויס, דאָס דער סוף פון דיזען סיסטעם וועט זיין אין הערבסט פון יאָהר 1925. (1575+1925=3500). דאַן וועט דאָס פאָרבילד צו ענדע זיין און דאָס גרויסע ווירקליכע בילד וועט זיך אָנפאַנגען. וואָס פאַר פּאַסירונגען זאָלען מיר ערווארטען? — אין דעם פאָרבילד וועט זיין אַ פולער אויפלעבונג, דאַרף אין דעם גרויסען ווירקליכען בילד אויך זיין אַן אויפלעבונג פון אַלע זאַכען. די הויפּט זאַך וואָס וועט ווידער אויפגעשטעלט ווערען וועט זיין — דאָס לעבען פון דער מענשליכער ראַסע. אַנדערע שטעלען אין תנ״ך בעגרינדען דעם פאַקט, דאָס אברהם, יצחק, יעקב און אַנדערע טרייע פאַרצייטיגע מענשען וועלען צום ערשטען אויפשטעהן פון די קברים. שטיצענדיג זיך דאַרויף, מעגען מיר ערוואַרטען צו זעהן אין 1925 דיזע טריי לייטע פון אידען, וואָס וועלען צוריק קומען צו אונז ערוואַכטע פון טויטען צושטאַנד, ווידער אויפגעלעבטע און צוריקגעגעבענע צו אַ פאָלקאָמענער מענשהייט. אָט דיזע וועלען זיין די געזעצליכע, זיכטבאַרע פאָרשטעהער פון דער נייער אָרדנונג אויף דער ערד.

נאָכדעם ווי משיח׳ס מלוכה וועט געגרינדעט ווערען, ישוע און זיין געהערליכטע קהלה בילדענדיג דעם גרויסען

משיח, וועט דאָס פאָלק קריגען די ברכות וואָס זיי האָבען אַזוי לאַנג פערלאַנגט און געהאָפּט און געבעטען דאָס זיי זאָלען אָנקומען. און ווען יענע צייט וועט קומען, וועט שוין זיין שלום און קיין מלחמה, ווי דער נביא דריקט עס שעהן אויס: „אין די לעצטע צייטען וועט פּאַסירען, דאָס דער באַרג פון גאָטס הויז וועט געגרינדעט ווערען אויף דעם שפּיץ פון די בערג, און וועט ערהויבען ווערען איבער די בערג; און די לייטע וועלען זיך ציהען דאַצו. און פיעלע נאַציאָנען וועלען קומען, און זאָגען, קומט, לאָמיר געהן צום באַרג פון דעם האַר, און צו דעם הויז פון יעקבס גאָט; און ער וועט אונז לערנען זיינע וועגען, און מיר וועלען געהען אין זיינע שטעגען; דען דער געזעץ וועט אַרויסגעהן פון ציון, און דאָס וואָרט פ ו ן ד ע ם ה אַ ר פ ו ן י ר ו ש ל י ם. א ו ן ע ר ו ו ע ט מ ש פ ט ' ן צווישען פיעלע פעלקער, און וועט אָנצייגען שטאַרקע נאַציאָנען פון ווייטען, און זיי וועלען צוקלאַפּען זייערע שווערדען אין פלוג־אייזענס, און זייערע שפּיזען אין שניידמעסערס; קיין נאַציאָן וועט קיין שווערד ניט אויפהויבען אויף אַן אַנדער נאַציאָן און וועלען זיך אויך ניט מעהר לערנען צו האַלטען מלחמה. נור זיי וועלען יעדער זיצען אונטער זיין וויינשטאָק און אונטער זיין פייגענבוים, און קיינער וועט זיי ניט אָפּשרעקען; דען דער מויל פון דעם האַר פון הערשאַפט האָט עס גערעדט.“ (מיכה 4: 1־4).

מיר האָבען פריהער געזאָגט דאָס דער גרויסער יובל־צייט־אַלטער דאַרף זיך אָנפאַנגען אין 1925. צו יענער צייט וועט אנערקענט ווערען די זייט פון דער מלוכה וואָס איז נוגע דער ערד. דער אַפּאָסטעל פּאול רעכענט אויס אין עלפטען קאַפּיטעל פון העברעער בריעף אַ לאַנגען צעטעל פון געטרייע לייטע וועלכע זיינען געשטאָרבען איידער דער האַר איז געקרייציגט געוואָרען און איידער עס

האָט זיך אָנגעפאַנגען דער אויסוואַהל פון דער קהלה. די־
זע קענען קיינמאָל ניט זיין אַ טהייל פון הימלישען קלאַס;
זיי האָבען קיין הימלישע האָפנונג ניט געהאַט; אָבער גאָט
האָט פיר זיי עפּעס וואָס איז גוט אָנגעגרייט. זיי וועלען
אויפשטעהן תחית המתים אַלס פאָלקאָמענע מענשען און
וועלען מיט זיך בילדען די פרינצען אָדער געוועלטיגער פון
דער ערד, אַזוי ווי עס איז פערשפּראָכען געוואָרען. (תהלים
מה: 16; ישעיה לב: 1; מתיה 11:8.) דרום קענען מיר
מיט זיכערהייט ערוואַרטען, דאָס 1925 וועט בעצייכענען
דאָס צוריקקומען פון אברהם, יצחק, יעקב און די געטרייע
נביאים פון דער אַלטער צייט, בעזונדערס די וואָס דער
אַפּאָסטעל האָט אויסגערעכענט אין העברעער עלפטען קאַ־
פּיטעל, צו אַ צושטאַנד פון מענשליכער פאָלקאָמענהייט.

## איבערבויאונג

אַלע שטאַאַטסלייטע פון דער וועלט, אַלע פּאָליטישע
עקאָנאָמיסטען, אַלע דיינקענדע מענער און פרויען, אנער־
קענען דעם פאַקט דאָס די קאָנדיציאָנען וואָס האָבען עק־
זיסטירט פאַר דער מלחמה זיינען שוין פאָראיבער און דאָס
אַ נייע אָרדנונג מוז אַריינגעבראַכט ווערען אין לעבען.
דיזע אַלע אנערקענען דאָס יעצט איז אַ פעריאָדע וואָס
האָט די סמנים פון אַן אָנפאַנג פון איבערבויאונג. די צרה
איז אָבער וואָס דיזע מענשען איבען אויס נור מענשליכען
שכל און האָבען איגנאָרירט די געטליכע פעראָרדנונג. מיר
זיינען ווירקליך ביי דער צייט פון בענייאונג, אָבער ניט
נאָר פון איניגע זאַכען, זאָנדערן פון אַלע זאַכען וואָס איז
דאָ. די בענייאונג וועט ניט בעשטעהן פון פעררירכטען
אַלטע און צובראָכענע סיסטעמען און אופנים פון בעל־
הבתישקייט, זאָנדערן עס וועט איינגעפיהרט ווערען אַ
נייע און גערעכטע אָרדנונג אונטער דער פיהרעשאַפט
פון גרויסען מושל, משיח ישוע, דער שר השלום. דער

אפאסטעל פעטער, ווען ער האט אום שבועות גערעדט אונטער דער ווירקונג פון געטליכער בעגייסטערונג און אנצייגענדיג אויף יענער צייט, האט געזאגט: „די צייטען פון דערקוויקונג זאלען קומען פון דער געגענווארט פון דעם האר: און ער זאל שיקען ישוע המשיח וועלכער איז געפרעדיגט געווארען צו אייך; וועמען דער הימעל מוס ערהאלטען [אויפהאלטען] ביז צו דער צייט ווען אלעס וועט צוריקגעשטעלט ווערען, ווי גאט האט גערעדט דורך דעם מויל פון אלע זיינע נביאים פון אייביג אן.“ (אפאס־טעלגעשיכטע 3: 19-21.)

מען קען זעהן דעם פאקט ווען מען פארשט די נביאות פון משה'ן ביז יוחנן, דאס יעדער איינער פון די נביאים האט נפראויסגעזאגט א צייט פון צוריקגעגעבענע ברכות. בענייען און צוריקגעבען מיינט דאסזעלבע — ד. ה. דאס צוריקגעבען די מענשהייט צו די זאכען וואס זיינען גע־ווען פערלארען. די בעלוינונג פון די אויסערוועהלטע אין הימעל איז ניט וואס דער מענש האט אורשפרינגליך פער־לארען; אבער דאס איז געגעבען אלס א גרויסע בעלאהנונג פיר געטרייהייט צום האר אונטער שווערע קאנדיציאנען און אנגעלעגענהייטען. דאס צוריקגעבען מיינט, דאס די מענשהייט אין אלגעמיין וועט בעקומען די ברכות דורך די געטליכע פעראָרדנונג און זי וועט דאדורך צוריק קריי־גען לעבען, פרייהייט און גליק אויף דער ערד; די זאכען וואס אדם הראשון דער פאלקאמענער האט געהאט, און וואס איז געמיינט געווען געגעבען צו ווערען, ווען די פער־שפרעכונגען זיינען געמאכט געווארען צו אברהמ'ען. דיזע ברכות קומען צו דער וועלט דורך דעם זאמען, דעם ערהוי־בענעם, ערהוהעלטען קלאס, דעם משיח, דעם קריסטוס.

די שריפט צייגט דייטליך דאס פאר דיזער גרויסער צייט פון זעגען קומט א גרויסע צייט פון צרות. דיזע צרות זיינען שוין אויף דער וועלט. דאס ווארט מיכאל וואס

איז געבראויכט געוואָרען אין דעם פאָלגענדען טעקסט, מיינט
ווער עס איז ווי גאָט, אָדער דער פאָרשטעהער פון גאָט —
משיח ישוע, דער גרויסער פיהרער פון אונזער הילף. זיין
צווייטער קומען און דאָס איינאָרדנען פון זיין קעניגרייך
איז געוועזען די האָפנונג און פערלאַנג פון קריסטען דורך די
פערגאַנגענע דורות. אָנצייגענדיג אויף יענער צייט, אַלזאָ,
האָט דער נביא דניאל געשריבען, זייענדיג בעגייסטערט:
„און צו יענער צייט וועט מיכאל אויפשטעהן, דער גרויי־
סער פרינץ וועלכער שטעלט זיך פאַר די קינדער פון דיין
פאָלק: און עס וועט דאַמאָלסט זיין אַ צייט פון צרות,
אַזוי ווי עס איז נאָך קיינמאָל ניט געוועזען זייט עס איז
געוועזען אַ נאַציאָן ביז צו יענער צייט: און צו יענער צייט
וועט דיין פאָלק אויסגעלייזט ווערען, יעדער איינער וואָס
וועט געפונען ווערען איינגעשריבען אין דעם בוך. און פיע־
לע פון די וואָס שלאָפען אין דעם שטויב פון דער ערד ווע־
לען אויפוואַכען, איניגע צום אייביגען לעבען און איניגע
צו חרפה און אייביגע בושה. (דניאל 12: 1, 2.)

## מיליאָנען מענשען וועלען קיינמאָל ניט שטאַרבען

יעדער טהייל פון די געטליכע פעראָרדנונג מוז ער־
פילט ווערען; ניט איין פינטעלע אָדער אַן אות וועט פאַר־
בייגעהן אָהן ערפילט צו ווערען. יעדע הבטחה פון דעם
געטליכען צוזאָג איז וויכטיג. ענטפערענדיג די פראַגע
וועגען די קאָנדיציאָנען וואָס וועלען עקזיסטירען צו דער
צייט ווען די וועלט וועט זיך ענדיגען, האָט ישוע ציטירט
די נביאישע אַרויסזאָגונג פון בוך פון דניאל, אָדער ער
האָט ענגליכע ווערטער געבראויכט, זאָגענדיג: דאַן וועט
זיין אַ גרויסע צרה, וועלכע איז ניט געוועזען פון אָנפאַנג פון
דער וועלט ביז יעצט, און וועט אויך מעהר ניט זיין. און ווען

דיזע טעג זאָלען ניט פערקירצט ווערען, וואָלט קיין מענש ניט גערעטעט געוואָרען: אָבער וועגען די אויסדערוועהל־טע וועלען יענע טעג פערקירצט ווערען.‟ (מתיה 24, 21, 22.) דאפון זעהען מיר, דאָס די שווערעניש אויף די נאַ־ציאָנען וועט זיך ענדיגען מיט אַזאַ צייט פון צרות וואָס די וועלט האָט נאָך קיין גלייכען ניט געהאַט און גאָר וועט זיין די לעצטע. עס וועט שוין קיינמאָל קיין אַנדערע צייט נאָך דיזע ניט זיין. דאַן גיט ער צו, דאָס וועגען ד י ע ר וו ע ה ל ט ע וועט יענע צייט פערקירצט ווערען; און פיעל לייבער וועלען גערעטעט ווערען.

מיר פרעגען, ווארום זאָל דער האר דורכטראָגען דורך דער צייט פון צות אַ גרויסע צאָהל מענשען, רעטענדיג זיי פון טויט אין דער צייט פון צרות, סיידען ער וויל זיי בעשענקען מיט וועלכע עס איז ווינטיגע חסדים? און אַזוי ווי גאָט האָט צוגעזאָגט אַ ברכה פון צוריקשטעלונג פון דעם וואָס אדם הראשון האָט פערלאָרען, און אַזוי ווי דיזע הבטחות ווייזען אָן אויף אַ צייט פון ערפילונג וואָס קומט פינקטליך נאָך דיזע צרות, און אַזוי ווי דער צוזאָג איז דייטליך, דאָס דער אויסוואָהל, וואָס בילדעט מיט זיך די זאמען פון אברהם'ען אין איינקלאַנג מיט'ן פערשפרע־כען, וועט זיין די ווערקצייג דורך וועמען די ברכות וועלען איבערגעגעבען ווערען; דאַן, אַלזאָ, צייגט די בעהויפטונג פון ישוע קלאָהר און דייטליך, דאָס פיעלע לייטע וואָס לעבען אויף דער ערד צו דער ענדע פון צרות וועלען זיין די ערשטע צו קריגען די ברכות פון בעפרייאונג, וועלכע די ערוועהלטע, דער משיח, וועט אויסטהיילען. אַלזאָ קומט דאָך אויס, דאָס די יעניגע וואָס וועלען אָננעהמען די מתנות אין דעם זינען ווי מען וועט זיי געבען און וואָס וועלען האַנדלען אין איינקלאַנג דאַמיט וועלען בע־קומען דאָס וואָס אדם הראשון האָט פערלאָרען, אין דאָס זיינען, לעבען, פרייהייט און גליק.

דער נביא פון גאָט גיט נאָך אַ צייגנים וואָס איז איינ־
שטימיג מיט דיזעם: „און עס וועט פּאַסירען, דאָס אין אַלע
לענדער, זאָגט דער האַר, וועלען צוויי דריטעל פון זיי פער־
שניטען ווערען און שטאַרבען; אָבער איין דריטעל וועט
דאָרטען פערבלייבען. און איך וועל ברייגנען דאָס דריטע
טהייל דורך דעם פייער, און וועל זיי רייניגען ווי זילבער
איז גערייניגט, און וועל אויף זיי די פּראָבע שטעלען, ווי
מען שטעלט די פּראָבע אויף גאָלד: דאמאלס וועלען זיי
אָנרופען מיין נאָמען, און איך וועל זיי צוהערען; איך
וועל זאָגען, דאָס איז מיין פאָלק, און זיי וועלען זאָגען,
דער האַר איז מיין גאָט.“ (זכריה יג: 9,8.) אָט דאָ, אַלזאָ,
איז אַ קלאָהרער אויסדרוק דאָס גאָט וועט אַ דריטעל
איבערלאָזען אין דיזע צרות׳דיגע צייט און דאָס דיזע ווע־
לען נאכהער ווערען זיין פאָלק און דאָס ער וועט זייער
גאָט זיין.

געדענקענדיג דאָס אדם הראשון האָט פערלאָרען אַ
היים אויף דער ערד, מענשליכעס לעבען אין די צופרידענ־
הייטען וואָס געהען צוזאַמען דאַמיט, און דאָס גאָט האָט
צוגעזאָגט, דאָס דיזע ברכות וועלען צוריקגעגעבען ווערען
צום מענשען, פערשטעהען מיר דאַן די ווערטער פון דוד
דעם פּראָפעט, וואָס האָט געשריבען: „געבענשט איז דער
וואָס פיהלט מיט די אָרעמע לייט. גאָט וועט איהם אויס־
לייזען אין דער צייט פון צרות, דער האַר וועט איהם אויפ־
האַלטען ביים לעבען; און ער וועט געבענשט ווערען אויף
דער ערד; און דו וועסט איהם ניט איבערגעבען צום
פערלאַנג פון זיינע שונאים.“ (תהלים מא: 1, 2.) אָט דאָ
זעהען מיר דייטליך, דאָס די יעניגע וועלכע טוען גערעכ־
טיגקייט אין דיזע שווערע צייט וועלען געבענשט ווערען
אויף דער ערד.

## ווי צו לעבען אייביג

די קירכליכע סיסטעמען ווילען איינשטועסען דעם עולם, דאס נור יענע וואס ווערען קירכען מיטגליעדער וועלען גערעטעט ווערען. די ביבעל האט קיינמאל אזא זאך ניט געלערנט. דער האר האט קיינמאל ניט ארגאניזירט די נאמינאלע סיסטעמען, און די אמת'ע קהלה איז נור א קליינע שאר וואס וועט ערבען דאס קעניגרייך אין הימעל, וועלכע די אנדערע פון דער וועלט וועלען עס ניט ערבען. צו דער קהלה האט ישוע געזאגט: „פירכט אייך ניט, איהר קליינע סטאדע, דען עס איז אייער פאטערס ווילען אייך צו געבען דאס קעניגרייך.“ (לוקאס 12: 32.) ישוע איז געשטארבען ניט נור פיר די וואס בילדען די מיטגלידערשאפט פון דער קירכע, זאנדערן פאר אלעמען. סט. יוחנן זאגט איינפאך: „און ער איז אן אויסערלייזונג [צופרידענשטעלונג] פאר אונזערע זנד, און ניט נאר פאר אינזערע זינד, זאדערן אויך פאר די זינד פון דער גאנצער וועלט.“ (יוחנן 2: 2.)

דער אפאסטעל פאול, ריידענדיג וועגען דעם גרויסען ערלייזער און זיין אויפגאבע, זאגט: „מיר זעהען ישוע, דער וואס איז אביסעל מעהר דערנידעריגט געווארען ווי די מלאכים הורך דעם לײדען פון דעם טויט, מיט הערליכקייט און כבוד געקריינט; דאס ער זאל פערזוכען טויט פיר יעדער מענשען דורך דער גנאד פון גאט. דען איהם, וואס אלעם איז פון איהם און אלעם איז דורך איהם, האט געפאסט, ברייגנענדיג פיעלע זיהן צו הערליכקייט, צו מאכען דעם פיהרער פון זייער ישועה פאלקאמען דורך ליידען.“ (העברעער 2: 9, 10.) אט אזוי זעהען מיר דאס ישוע איז געשטארבען פיר יעדער מענשען, ניט נור פיר איניגע. ווידער זאגט דער אפאסטעל: „עס איז פאראן איין גאט, אויך איין פערמיטלער צווישען גאט און מענשען, ישוע המשיח, זעלבסט א מענש, דער וואס האט זיך

אָפּגעגעבען אַלס איין אויסלייזונג פאַר אַלעמען, פון וועל־
כען מען וועט עדות זאָגען אין דער פּאַסענדער צייט."
(1 טימותיוס 2 : 5, 6.) מען זעהט קלאָר פון דיזער שריפט,
דאָס אין גאָטס געאייגענטע צייט וועט יעדער בעשעפּעניש
הערען די צייגנים וועגען דעם וואָס גאָט האָט פיר איהם
געטאָהן און וועט וויסען וועגען דעם פּלאַן פון רעטונג.
ווידער זאָגט דער אַפּאָסטעל פּאול : „די גאַבע פון גאָט איז
אייביגעס לעבען דורך ישוע אונזער האַר". (רוימער 6 : 23.)
עס איז ניטאָ קיין גאַבע אָהן אַ געבער און אַן עמפּפאַנגער,
און עס קען אויך ניט געשעהען אָהן ביידענס וויסען. אין
אַנדערע ווערטער, דער געבער מוז וויסענדיג געבען די
מתנה צו אַן אַנדערען, און דער אַנדערער מוז מיט פער־
שטאַנד וויסען פון דיזען פאַקט איידער ער קען עס ער־
האַלטען. עס וואָלט, אַלזאָ, אונמעגליך געווען פיר דער
מענשליכער ראַסע צו עמפּפאַנגען די מתנה פון אייביגעס
לעבען איידער מען האָט עס געגעבען. עס וועט נאָר גע־
געבען ווערען אין גאָטס געאייגענטער צייט ; און דער געט־
ליכער פּלאַן צייגט דאָס זיין געאייגענטע צייט איז נאָכדעם
ווי דער זאַמען פון דער פערשפּרעכונג איז ענטוויקעלט,
נאָכדעם ווי דאָס קעניגרייך איז איינגעשטעלט ; און דאַן
וועט יעדער איינער אין זיין רייהע געבראַכט ווערען צום
וויסען פון דעם פאַקט, דאָס עס עקזיסטירט אַ פּלאַן פון
ערלייזונג און דאָס דער וועג איז אָפען פאַר איהם אָנצו־
נעהמען די פונקטען דאַפאָן אין לעבען. ווייל דאָס וויסען
איז אונבעדינגט נויטיג, קומט עס בעפאָר דאָס ערהאַלטען
פון די ברכות פון דעם האַר ; און וויסענדיג דיזען פאַקט,
קען מען אויך לייכט זעהען וואָרום דער שונא, דער טייו־
וועל, און זיינע אַגענטורען שטרעבען אַזוי פלייסיג צו
פערמיידען דאָס פאָלק פון וויסען דעם אמת. אָבער ווען
משיח'ס קעניגרייך איז געגרינדעט, זיינען מיר אין אַ
געוויסער שטעלע בענאַכריכטעט (אָפּענבאַרונג 20 : 1־4)

דאָס דער שטן וועט קיין מאַכט ניט האָבען ווייטער צו פערפיהרען די נאַציאָנען]; און דאַן וועט דאָס פאָלק וויסען דעם אמת אין קיין זאַך וועט ניט שטעהן אין וועג פון די אנערקענונג פון דעם.

## אַ געוויסער צוזאָג

די ווערטער פון ישוע פערדינען בעטראַכט צו ווערען אַלס קרעפטיגע און ווירקזאַמע ווייל ער האָט גערעדט ווי קיין מענש האָט ניט גערעדט. זיין שפּראַך איז געווען מיט אַבסאָלוטער אויטאָריטעט. און אין גאָטס רעכטער צייט מוזען זיינע ווערטער האָבען אַן ערפילונג, אין זיי קענען קיין ערפילונג האָבען ביז יענער רעכטער צייט. ישוע האָט איינפאַך געזאָגט: „וואַהרהאַפטיג, וואַהרהאַפּ־טיג, זאָג איך אייך, אויב אַ מענש האַלט מיינע געבאָט וועט ער קיין מאָל ניט זעהן דעם טויט.“ (יוחנן 8: 51.)
ווי שוין געזאָגט, קען קיינער ניט האַלטען די געבאָט פון ישוע ביז מען הערט עס, ביז מען האָט דאָס וויסען פון גאָט׳ס פעראָרדנונג. דורך דער צייט פון דער בשורה טובה האָבען קיין אַנדערע ווי קריסטען ניט געהאַט די־זעם וויסען און אַלע די וואָס האָבען געהאַלטען דיזע געבאָט און היטען עס געטריי ביז צו דער ענדע וועלען ערהאַלטען אייביגעס לעבען איבער געטליכען מאַסשטאַב. (אָפענבאַרונג 2: 10.) דער אַנדערער טהייל פון דער מענש־הייט האָבען עס ניט געהערט; דרום קענען זיי עס ניט האַלטען. דאָך וועלען זיי דאַפאַן הערען אין דער רעכטער צייט נאָכדעם ווי דאָס קעניגרייך וועט געגרינדעט ווערען. דאַן וועט פאָרקומען, דאָס יעדערער וואָס וועט האַלטען גאָטס געבאָט וועט קיינמאָל ניט שטאַרבען. דיזע פער־שפּרעכונג וואָלט ניט געמאַכט געוואָרען פון ישוע׳ן, ווען ער וואָלט ניט בדעה געהאַט אין דער רעכטער צייט עס אַריינצוברינגען אין פולער קראַפט און ווירקונג.

ער האָט ווידער געזאָגט: „דעריעניגער וואָס לעבט און גלויבט אין מיר וועט קיינמאָל ניט שטאַרבען.“ (יוחנן 11: 26.) גלויבען מיר דעם האַר'ס בעשטעטיגונג? אויב יע, דאַן האָבען די יעניגע — וואָס וועלען גלויבען דאָס וואָס די גאַנצע וועלט וועט קריגען צו פערשטעהן ווען די צייט איז דאַפיר פערטיג און וואָס וועלען, פערשטעהט זיך, מיט געהאָרכזאַמקייט זיך איבערגעבען צו די פאָדערונגען — די אַבסאָלוטע און פאָזיטיווע בעשטעטיגונג פון ישוע, דאָס זיי וועלען קיינמאָל ניט שטאַרבען.

אַלזאָ, אויפ'ן גרונד פון די אויספיהרונגען וואָס זיינען פריהער געבראַכט געוואָרען, — דאָס דער אַלטער אָרדנונג, די אַלטע וועלט, ענדיגט זיך און ווערט אויך דעספּוועגען אַ זאַך פון דער פערגאַנגענהייט, און דאָס דער נייער אָרדנונג קומט אָן, און דאָס 1925 וועט בעצייכענען די תחית המתים פון די איבערגעגעבענע וווירדיגע לייטע פון דער אַלטער צייט און דעם אָנפאַנג פון דער איבערבויאונג, — קען מען מיט רעכט בעשליסען, דאָס מיליאָנען מענשען וואָס זיינען יעצט אויף דער ערד וועלען נאָך זיין אויף דער ערד אין 1925, און אויפ'ן גרונד פון די צוזאָגונגען, וואָס זיינען געגעבען געוואָרען אין גאָטס וואָרט, מוזען מיר קומען צו דער פאָזיטיווער און אונבעשטרייטבאַרער אויספיהרונג, דאָס די מיליאָנען מענשען וואָס לעבען יעצט וועלען קיינמאָל ניט שטאַרבען.

געוויס מיינט עס ניט דאָס יעדער איינער וועט לעבען, ווייל אייניגע וועלען זיך ענטזאַגען פון פאָלגען דעם געטליכען געזעץ; אָבער די יעניגע וואָס זיינען געוועזען שלעכט און וועלען זיך אומקעהרען צו גערעכטיגקייט און וועלען פאָלגען דאָס וואָס איז רעכט, אַזעלכע וועלען לעבען און ניט שטאַרבען. וועגען דעם האָבען מיר די פאָזיטיווע בעשטעטיגונג פון דעם האַר'ס נביא ווי פאָלגט: „ווען

דער שלעכטער מענש קעהרט זיך אָפּ פון זיין שלעכטס־קייט וואָס ער האָט געטאָהן, און טוהט וואָס עס איז געזעצליך און רעכט, וועט ער רעטען זיין זעעלע צום לע־בען. אויב ער האָט חרטה און טרעט אָפּ פון אַלע זיינע איבערטרעטונגען וואָס ער איז בעגאַנגען, וועט ער געוויס לעבען, ער וועט ניט שטאַרבען.“ (יחזקאל יח: 27, 28.

# די צוריקגעגעבענע יוגענד

דער האַר, אויסאיבענדיג זיינע גנאָד צום מענשען, האָט בעוויליגט צו געבען פיעלע בילדער און אילוסטראַציאָנען פון דעם ווי זיין גרויסער פּלאַן וועט זיך אויסאַרבייטען. אין דעם בוך פון איוב גיט ער אונז אַ בילד פון די פאַל־קאָמענהייט פון מענשען, פון זיין נידערפאַלען, פון זיין ערלייזונג דורך דעם גרויסען אויסקויפער, און דאַן די ער־בויאונג וואָס קומט נאכהער. ווען די צייטען פו ערבויאונג וועלען אָנקומען וועלען אָהן צווייפעל דאמאלס זיין אויף דער ערד פיעלע מענשען וואָס וועלען שוין זיין זעהר אַלט און כמעט גרייט פיר׳ן קבר. אָבער די יעניגע וואָס וועלען זיך דערוויסען פון גרויסען אויסקויף־קרבן און וואָס ווע־לען אָננעהמען דעם אויסקויפער וועלען זיך אומקעהרען צו די טעג פון זייער יוגענד; זיי וועט מען אומקעהרען די פאָלקאָמענהייט פון קערפער און געדאַנקען און וועלען לע־בען אויף דער ערד אויף אייביג. מיר פערצייכענען די ווערטער פון נביא]:

ער [גאָט] האַלט צוריק זיין [דעם מענשענס] זעעלע פון גרוב, און זיין לעבען פון געהן פון פערלוירען דורכ׳ן שווערד. ער [דער מענש] איז אויך געשטראָפט מיט וועהטאַג אויף זיין בעט, און די מעהרסטע פון זיינע ביינער מיט שטאַרקע שמערצען: אַזוי דאָס זיין לעבען פערמיאוסט ברויט, און זיין זעעלע שיינע שפייזען. זיין לייב איז פער־

צעהרט אזוי, דאָס מען קען עס ניט אָנקוקען; און זיינע ביינער וואָס מען זעהט שטאַרצען אַרויס. יע, זיין זעעלע ווערט נעהענטער צום קבר, און זיין לעבען צו די צושטע־רער."

אָט דאָ איז געגעבען אַ לעבעדיגע בעשרייבונג פון דער שטערבליכער מענשליכער ראַסע, אינדיווידועל און צוזאַ־מען. דאַן ציינט דער פּראָפעט ווי די בשורה פון דער וואַהר־הייט וועט געבראַכט ווערען צו אַזעלכען און ער וועט דער־הערען פון דעם גרויסען אויסקויף־קרבן. פּאָרטזעצענדיג, זאָגט ער: „אויב דאָרט וועט זיין אַן אָנזאָגער [איינער וואָס ברייננט די שליחות פון דער גוטער נאַכריכט] מיט איהם [דעם מענשען], אַ דאָלמעטשער [איינער וואָס פער־טייטשט און מאַכט עס קלאָהר], איינער צווישען טויזענד [דער האַר וועט צושטעלען אין פערשיעדענע פּלעצער לעה־רערס פיר'ם נוצען פון אַנדערע], צו צייגען צום מענשען זיינע [דעם האַר'ס] אויפריכטיגקייט: דאַן איז ער [דער האַר] גנעדיג צו איהם [דעם מענשען], און זאָגט, לאָז איהם אויס פון געהן אין גרוב [קבר; און דער מענש זאָגט מיט שמחה:] איך האָב געפונען אַן ערלעזונג. זיין לייב וועט זיין פרישער ווי אַ קינד'ס: ער וועט זיך אומ־קעהרען צו די טעג פון זיין יוגענד". (איוב 33: 18־25.)

ווען גאָט האָט אַרויסגעשיקט אדמ'ען פון גן עדן האָט ער געזאָגט: „און יעצט, טאָמער וועט ער [אדם] אויס־שטרעקען זיין האַנד, און וועט אויך נעהמען פון דעם בוים פון לעבען, און וועט עסען, און וועט אייביג לעבען: דרום האָט איהם דער האַר גאָט אַרויסגעשיקט פון גן עדן. . .!. . און ער האָט אַוועקגעשטעלט צום מזרח פון גן עדן די כרובים, און אַ פלאַמענדען שווערד וואָס קעהרט זיך אין אַלע זייטען, אום צו היטען דעם וועג פון'ם בוים פון לע־בען". (בראשית ג: 22־24.) אַלזאָ ציינט דאָך די תורה,

דאָס ווען אדם וואָלט פערבליבען אין גן עדן, עסענדיג די פּאָלקעמענע שפּייזען וואָס זיינען דאָרט, וואָלט ער ווייטער געלעבט. דעם משפּט האָט מען אויסגעפיהרט געגען איהם, דאַדורך וואָס מען האָט איהם געמאַכט עסען אונפּאָלקאָמענע שפּייז. פּאָלקאָמענע שפּייז, אַלזאָ, שיינט צו זיין אַ נייטיגער עלעמענט אונטערצוהאַלטען דעם לעבען פון מענשען אויף אייביג. ווען משיח'ס מלוכה וועט אויפגעשטעלט ווערען, וועט דער גרויסער משיח צושטעלען די קאָנדיציאָנען פון ריכטיגע שפּייזען.

אַלזאָ, ווען די ערבויאונג וועט זיך אָנפאַנגען, וועט אַ מאַן פון זיבעציג יאָהר אַלט ערבויט ווערען שטופּענווייז צו אַ צושטאַנד פון פיזישער געזונדהייט און פון גערעדען דענקען. דער האַר וועט איהם לעהרנען ווי צו עסען, וואָס צו עסען, און אַנדערע געוואָהנהייטען פון לעבען; און וואָס איז אַם וויכטיגסטען, די וואַהרהייט, אויך ווי צו דיינקען און ווי אַזוי צו האַלטען דעם גענדאַנקען געריכטעט אויף הייליגע זאַכען. און דורך דעם שטופּענווייזען פּראָצעס פון ערבויאונג וועט ער אויפגעהויבען ווערען פון דעם גרויסען פערמיטלער און וועט צוריק אומגעקעהרט ווערען צו די טעג פון זיין יוגענד און וועט איף אייביג לעבען אויף דער ערד און וועט קיינמאָל ניט שטאַרבען.

## תחית המתים

ניט נור וועלען די וואָס לעבען אויף דער ערד ווען די ערבויאונג וועט זיך אָנהייבען האָבען די געלעגענהייט צום לעבען, זאָנדערן אַלע טויטע וועלען זיך אויפכאַפּען און וועלען צוריק געבראַכט ווערען אין אַן אָרדנונגסמעסיגען אופן און וועלען אויך קריגען די מעגליכקייט צום לעבען. דער גרויסער האַר אַליין האָט בעהויפּטעט: „וואונדער זיך ניט דאַריבער: דען די צייט וועט קומען, ווען

אַלע וואָס זיינען אין קבר וועלען הערען זיין שטימע, און וועלען אַרויסקומען." (יוחנן 5 : 29,28.) סט. פּאול זאָגט איינפאַך : „עס וועט זיין אַ תחית המתים, סיי פאַר די גערעכטע און סיי פאַר די אונגערעכטע." (אַפּאָסטעלגעשיכטע 24 : 15.) אין זיין קלאָהרער, שטאַרקער און לאָגישען אויספיהרונג אין 1 קאָרינטהיער 15, צייגט סט. פּאול גרינדליך אויף, דאָס דאָס לעבעדיג ווערען פון ישוע המשיח איז אַ גאַראַנטיע דאָס יעדער טויטער וועט אויפוואַכען און וועט געבראַכט ווערען צום ערקענען פון דער וואהרהייט. דאַן זאָגט ער : ער [גאָט] האָט בעשטימט אַ טאָג אין וועלכען ער וועט משפּט'ן די וועלט אין גערעכטיגקייט דורך דעם מאַן וואָס ער האָט בעשטימט ; פון וועלכער זאַך ער האָט געגעבען זיכערהייט צו אַלע מענשען דאַדורך וואָס ער האָט איהם אויפגעהייבען פון די טויטע." (אַפּאָסטעלגעשיכטע 17 : 31.) ; אַלזאָ צייגט עס, דאָס דורך דער צייט פון משיח'ס מלוכה וועט יעדער איינער האָבען אַ יושר'דיגע און ניט קיין איינזייטיגע געלעגענהייט פאַר די ברכות פון לעבען, פרייהייט און גליקליכקייט.

די בראַווע יונגע לייט וועלכע זיינען געגאַנגען אין מלחמה און זיינען געשטאָרבען אויפ'ן שלאַכטפעלד זיינען ניט אין הימעל אַריינגעגאַנגען, אויך ניט צום אייביגען מאַטערען זיך, ווי די אני מאמינ'ס פון קריסטענגעוואַלט ווילען איינשמועסען די וואָס זיינען אין זיי אינטערעסירט. זיי האָבען ניט אַרונטערגעוואָרפען זייערע קערפּערס און שווימען אַרום אין רוים, ווי די ספּיריטיסטען שמועסען מענשען איין. זיי זיינען געשטאָרבען ,און וואַרטען אויף תחית המתים ; און אין דער רעכטער צייט וועלען זיי צוריק געבראַכט ווערען צום צושטאַנד פון לעבען און וועלען צוריקגעגעבען ווערען צו זייערע געליעבטע און וועלען קריגען אַ ריכטיגע געלעגענהייט אָנצונעהמען די פונקטען פון דער נייער אָרדנונג און לעבען אייביג.

פיעלע גוטע מוטערס האָבען פערבראַכט שלאָפלאָזע נעכט און האָבען פערגאָסען ביטערע טרערען, ווייל זייערע געליבטע זיינען געשטאָרבען אויפ'ן שלאַכטפעלד. פיעלע כלות, פאָטערס, קינדער, האָבען זיך אויך געבויגען פון צרות צוליעב די גרויסע ליידען פון מלחמה און ליידען וואָס זיינען אַרויפגעפאַלען אויפ'ן פאָלק.

## די געלעגענהייט פיר גלחים

וואָס פיר אַ גרויסע געלעגענהייט האָבען די גלחים געהאַט און האָבען עס ניט אויסגענוצט דורך די לעצטע פינף יאָהר פון שווערעניש אנשטאַט צו פערפיהרען דאָס פאָלק אין טעות'דיגע וועגען, ווען זיי האָבען געפונען דאָס דאגה הערשט אין הויז וועגען אַ טויט פון אַ געליבטען, וועגען דעם פערלוסט אויפ'ן שלאַכט פון אימיצען וואָס איז טייער, וואָס פיר אַ זעלטענע געלעגנהייט איז געווען דאָרט אויפמערקזאַם צו מאַכען אויף די טייערע פערשפּרעכונגען פון דער שריפט! צום ביישפיעל, צו זאָגען צו דער ווייגענדיגער מוטער: „אַזוי האָט דער האַר געזאָגט: „.....: האַלט איין דיין שטימע פון וויינען, און דיינע אויגען פון טרערען; דען דיין ווערק וועט בעלוינט ווערען, זאָגט דער האַר; און זיי וועלען צוריק קומען פון דעם לאַנד פון שונא. און עס איז האָפנונג דאַ אין דיין סוף, זאָגט דער האַר, דאָס דיינע קינדער זאָלען צוריקקומען צו זייערע אייגענע גרענעצען.“ (ירמיה 31 : 15-17.) דאָס לאַנד פון שונא איז דאָס לאַנד פון טויט, ווייל טויט איז דער גרויסער שונא; און דער האַר וועט צוריקרופען אַלעמען וואָס זיינען איבערגעגאַנגען אין דיזען צושטאַנד, און וועט אין פערלויף פון זיין מלוכה דעם טויט צושטערען. (קאָרינטהיער 15 : 25, 26.)

# אַן אויפרוף צו די גלחים

עס איז ניט מיין צו מאַכען די גלחים לעכערליך, אָבער איך וויל אַפעלירען צו זיי, דאָס זיי זאָלען ערפילען זייער חוב און שולד צום פאָלק אין דיזער צייט פון שווע־רעניש. איך וועל זיי דערמאָהנען, דאָס די אויפגאַבע וואָס איז געגעבען געוואָרען צו אַלע נאכפאָלגערס פון ישוע איז ניט צו בעקעהרען די וועלט און זיי אריינברייננגען אין וועלכען עס איז אָרגאַניזירטען סיסטעם. זייער אויפגאַבע איז ניט אַנדערע צו פערפאָלגען. אָבער זייער געטליך גע־געבענע אויפגאַבע איז איינפאַך אויסגעדריקט פון דעם האַר אין דיזע ווערטער: „דער גייסט פון דעם האַר גאָט איז אויף מיר; ווייל דער האַר האָט מיר געזאַלבט צו פרע־דיגען די גוטע בשורה צו די איינפאַכע; ער האָט מיר געשיקט צו קורירען די צובראָכענע הערצער, צו פראָ־קלאַמירען פרייהייט צו די געפאַנגענע, און די עפענונג פון געפענגנים צו די וועלכע זיינען געבונדען; צו פראָקלאַמי־רען דעם יאָהר פון בעוויליגונג, און דעם טאָג פון נקמה פון אונזער גאָט; צו טרייסטען אַלע וואָס טרויערען; צו בעשטימען פיר די וועלכע קלאָגען אין ציון אום זיי צו געבען שיינקייט אנשטאט אַש; די אויל פון פרייד אנשטאט טרויער, די קליידער פון לויב אנשטאט דעם גייסט פון שווערעניש; דאָס זיי זאָלען גערופען ווערען בוימער פון גערעכטיגקייט, די פלאַנצונג פון גאָט, אום דאָס ער זאָל געהערליכט ווערען.“ (ישעיה סא: 1-3.)

קיינמאָל איז ניט געווען אַזאַ געלעגענהייט צו קורירען די צובראָכענע הערצער; קיינמאָל איז ניט געווען אַזאַ צייט צו טרייסטען די יעניגע וואָס טרויערען, ווי יעצט. וואָרום ניט דערציילען די לייטע די שיינע וואונדערבאַרע אמת׳ן וואָס די ביבעל ענטהאַלט און דאַדורך געבען זיי די געלעגענהייט צו קוקען הינטער די צרות וואָס דריקען

די מענשהייט, צום נייעם טאָג וואָס קומט אַריין ווען לע־
בען, פרייהייט, גליק און ברכות וועלען געגעבען ווערען
צו דער גאַנצער מענשהייט.

## גרויסע פריידע קומט אָן

לעבען, פרייהייט און גליק זיינען געוועזען די זאַכען וואָס
אדם הראשון האָט בעזיצט און האָט פערלאָרען. דיזע
זאַכען האָט ישוע געקויפט דורך זיין אייגענעם בלוט. אין
דער צייט פון זיין מלוכה וועט ער געבען פרייהייט צו
אַלע געפאַנגענע אין די געפאַנגענשאַפט פון דער ממשלה
פון טויט צו די וואָס זיינען אונטער די געוואַלט פון שונא.
אַזוי ווי דער נביא האָט גרויסאַרטיג עס אויסגעשפּראָכען,
אַזוי נאָך וועט פולע פרייהייט געגרינדעט ווערען אויף דער
ערד: „זעה מיין קנעכט, וועלכען איך ערהויב; מיין אויס־
ערוועהלטער אין וועמען זיין זעעלע האָט איהר פערלאַנג;
איך האָב מיין גייסט איבער איהם געלייגט: ער וועט
אַרויסברייגגען גערעכטיגקייט צו די גוים. ער וועט ניט
שרייען, אויך ניט אויפהויבען, אָדער מאַכען הערען זיין
שטימע אין גאַס. אַן אָנגעשפּאָלטענעם שטעקעל וועט ער
ניט צובּרעכען, און אַ ברענענדיגען פלאַקס וועט ער ניט
פערלעשען; ער וועט אַרויסברייגגען דעם משפט צוגע־
פּאַסט צום אמת. ער וועט ניט שוואַך ווערען אויך וועט
ער ניט ענטמוטהיגט ווערען, ביז ער וועט איינפיהרען גע־
רעכטיגקייט אין דער וועלט; און די אינזלען וועלען וואַר־
טען אויף זיין געזעץ. אַזוי האָט געזאָגט דער האַר, דער
וואָס האָט בעשאַפען די הימלען, און האָט זיי אויסגעצויגען.
דער וואָס האָט די ערד פערשפּרייט און מאַכט אַלע זאַכען
פון איהר; דער וואָס גיט שפּייז צו די לייטע אויף איהר,
און אַ גייסט צו דעם וואָס געהט אין איהר: איך גאָט האָב
דיך גערופען אין גערעכטיגקייט, און וועל אָנהאַלטען דיין
האַנד, און וועל דיר היטען, און וועל דיר מאַכען פאַר אַ

בונד פאר'ן פאלק, פיר א ליכט פיר די גוים; צו עפענען די בלינדע אויגען, ארויסצוברייינגען די געפאנגענע פון גע־פענגנים, און די וואס זיצען אין דער פינסטערנים פון דעם הויז פון געפאנגענשאפט." (ישעיה מב: 1־7.)

מיר האבען פריהער פארגעשטעלט ווי גאט וועט שיינ־קען אייביגעם לעבען צו אלע וואס ווילען זיין געהארכזאם צו זיין גלאררייכער ממשלה. און ווען דיזע גוטסקייט וועלען געגעבען ווערען צוריק וועט עס געווים זיין א צייט פון גליק — א גליק וואס וועט פערבלייבען. גאט'ס נביא קוקענדיג אויף יענער צייט, האט געשריבען, אונטער די בעגייסטערונג פון הייליגען גייסט: „די אויסגעלייזטע [די גאנצע מענשליכע ראסע] וועט זיך אומקעהרען [פון דער לאגע פון געבונדענהייט צו זינד און נויט], און קומען צו ציון [דעם משיח] מיט געזאנג און אייביגע פריידע אויף זייערע קעפ: זיי וועלען ערווערבען פרייד און צופרידענ־הייט, און טרויער און זיפצען וועלען אנטלויפען." (ישעיה לה: 10.)

דאן שטעלט דער פראפעט פאר אין גרויסארטיגע אויס־דריקע ווי די ערד זעלבסט וועט ווערען א פאסענדער וואוי־נונג פיר'ם מענשען. וויסטע און די פערלאזענע פלעצער וועל־לען בליהען ווי די רויז, און קוואלען וועלען אויפשפריצען אין דער מדבר; די ערד וועט ארויסגעבען איהר פערגרע־סערטען געוואקס, און יעדער זאך אויף דער ערד וועט דאנ־קען גאט פיר די ערפילונג פון זיינע וואונדערליכע הבטחות.

דאס איז די גאלדענע צייט פון וועלכער די נביאים האבען נביאות געזאגט און דער בעל התהלים האט געזונ־גען; און עס איז די פריווילעגיע פון דעם וואס שטודירט דאס געטליכע ווארט היינט, דורך דעם בליק פון אמונה, צו זעהן דאס מיר שטעהען ביי די סאמע טויערען פון יענער געבענשטער צייט! לאמיר ארויפקוקען און אויפהויבען אונזערע קעפ. ערלייזונג איז שוין ביים שוועל!

## גרויסאַרטיגער שלום

דער משיח קריסטוס אין הערליכקייט, וועט מיט זיך פאַרשטעלען די נייע אונזיכטבאַרע קראַפט פון ממשלה; דאַרום בעצייכענט אין דער שריפט אַלס דער נייער הימעל. די גערעכטע רעגירונג וואָס איז אָרגאַניזירט אויף דער ערד וועט מיט זיך פאַרשטעלען וואָס די שריפט רופט סימבאָליש די נייע ערד — די ערדליכע זייט אין דעם האַר׳ס קעניגרייך. סט. פעטער האָט אויסגעדריקט דאָס די גע־טרייע גלויביגע נאָך גאָט׳ס צוזאָג קוקען אויס פיר אַזעל־כע נייע הימלען און אַ נייע ערד, וואו גערעכטיגקייט וואוינט.״ (2 פעטער 3 : 13.)

ווען יוחנן דער אָפּענבאַרער איז אָפּגעקומען זיין שטראָף אויפ׳ן אינזעל פאטמאס, האָט דער האַר געצייגט דאָס ער איז מיט איהם צופרידען און האָט איהם בעזוכט און האָט איהם דורך גנאָד בעוויליגט צו זעהן עטוואָס וואונדערליכעס, וואָס איז פערשריבען אַלס אַ טהייל פון דער הייליגער שריפט. ענטציקט האָט יענער בעגייסטער־טער עדות פון גאָט געשריבען: „און איך האָב געזעהען אַ נייען הימעל [אונזיכטבאַרע קראַפט פון רעגירונג] און אַ נייע ערד [אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט: דען דער ערש־טער הימעל און די ערשטע ערד [דער אַלטער אָרדנונג] איז פאַראיבער; און עס איז מעהר קיין ים ניט געווען. און איך יוחנן האָב געזעהן די הייליגע שטאָדט [דאָס קעניגרייך פון משיח], די נייע ירושלים, אַראָפּקומענדיג פון גאָט אוים׳ם הימעל, צוגעגרייט אַזוי ווי אַ כלה פערפוצט פאַר איהר מאַן. און איך האָב געהערט אַ הויכען קול פון דעם שטוהל זאָגען, זעה דאָס משכן פון גאָט איז מיט מענשען. און ער וועט מיט זיי וואוינען, און זיי וועלען זיין זיין פאָלק, און גאָט אַליין וועט מיט זיי זיין, און וועט זיין זייער גאָט: און ער וועט אָפּווישען אַלע טרערען פון זייערע

אויגען, און עס וועט מעהר ניט זיין קיין טויט, און אויך קיין קלאָג, און אויך קיין געשריי, און אויך קיין פּיין; וואָרום די ערשטע זאַכען זיינען פאַראיבער. און דער וואָס איז געזעסען אויף דעם שטוהל האָט געזאָגט, זעה איך מאַך אַלע זאַכען ניי. און ער האָט צו מיר געזאָגט, שרייב, ווייל דיזע ווערטער זיינען טריי און וואַהרהאַפטיג.״ (אָפּענבאַרונג 21 : 1-5.)

קיינער קען ניט בעשטרייטען דיזען פּאָזיטיווען און אויספיהרליכען צוזאָג דאָס אונטער דעם משיח׳ס ממשלה וועט דער טויט צושטערט ווערען, און אַז דאגה, זיפצען און שרייען וועט אויפהערען, און דאָס אַלע וועלכע זיינען געהאָרכזאַם וועלען צוריקגעגעבען ווערען צום לעבען, פרייהייט און גליק. און וויבאַלד דער אַלטער אָרדער פערגעהט און דער נייער קומט אַריין, קענען מיר מיט צופערזיכט פּראָקלאַמירען די פרעהליכע בשורה, דאָס צו די מיליאָנען מענשען וואָס לעבען יעצט אויף דער ערד וועט געשאָנקען ווערען די געלעגענהייט פון אייביגען לעבען און דאָס די יעניגע וואָס פאָלגען וועלען קיינמאָל ניט שטאַרבען, זאָנדערן וועלען צוריק אויפגעבויט ווערען און וועלען לעבען אין גליק, פרייד און שלום אויף דער ערד אויף אייביג.

„דריימאָל גליקליכע צייטען! דריימאָל געבענשט איז דער וואָס האָט געזעהן זייער אָנקומען!...

קיינע קראַנקהייטען; דער קול פון מלחמה פערגעסען:
דער שווערד, אַ פלוג; דער שפּיז, אַ האַקען פיר די צווייגען.
מענשען זיינען פערמעהרט געוואָרען און האָבען זיך פערפּיעלפאַכט אויף דער ערד
און האָבען אָנגעפילט די שטאָדט, און די לעערע ערטער:
און דער טויט
איז געשטאַנען וואַרטענדיג אויף לאַנגען עלטער

וואָס האָט זיך פון איהם שוין לאַנג אויסגעלאַכט,
מענשען זיינען פערמעהרט און פערפיעלפאַכט,
אָבער עס האָט קיין ברויט געפעהלט: דען גאָט האָט
זיין צוזאָג געבראַכט
צו פערווירקליכונג, און האָט דאָס לאַנד געבענשט מיט
פולען רעגען;
און האָט עס געבענשט, מיט טויס, און טייערע זאַכען
פון הימעל, און בענשונגען פון דער טיעף אונטען;
און די ברכות פון דער זון און די לבנה; און פרוכטען
פון טאָג און נאַכט; און בענשונגען פון טאָהל; און
פון פרעכטיגע זאַכען פון די אייביגע בערג
און אַלע אויסגוסען פון אייביגען קוואַל.
דאָס הויז פון געפענגנים, וואו גנבים אין קייטען
שמאַכטען,
האָט אויפגעפענט ברייט די מאַסיווע טויערען; אום
אַריינצולאָזען דאָס ליכט
פון הימעל; און איז אומגעוואַנדעלט געוואָרען אין אַ
געבעט־הויז, וואו מען בעט גאָט;
קיינער איז ניט געזעהן אונוויסענד; קיינער ניט
זעלבסטזיכטיג.
ליעבע האָט גענומען דעם פּלאַץ פון געזעץ; וואו דו
האָסט געטראָפען
אַ מענשען האָסט אויך אַ פריינד געטראָפען וואָס איז
אויפריכטיג און האָט אמת אין האַרצען;
ווערטער האָבען געמיינט ניט אַנדערש ווי זיי קלינגען;
און צוזאָגען
זיינען געמאַכט געוואָרען אום צו ווערען אויסגעפיהרט.
דריימאָל גליקליכע צייט!"

## בראשית

א : 26. גאָט בעשטימט דאָס דער מענש זאָל האָבען די הערשאַפט פון דער ערד. ער האָט נאָך ניט די הערשאַפט, ווי עס איז ערקלעהרט אין העברעער ב : 8, 9, און קען עס נאָך אויך ניט האָבען ביז דער וואָס גיט לעבען וועט זיך צוריקקעהרען און געבען.

א : 28. עס איז גאָט׳ס צוועק אָנצופילען די ערד מיט אַ ראַסע וואָס וואָס זאָל זיין אינגאַנצען אויפריכטיג, ווי דער נביא זאָגט עס אַרויס, ישעיה ס : 21.

ב : 2, 3. עס איז דער געטליכער פּלאַן געווען, דאָס דער מענש זאָל האָבען זעקס איין־טויזענד־יאָהריגע טעג פון אַרבייט אונטער דעם גרויסען אָנטרייבער, זינד, נאָך וועלכער עס קומט אָן דער זיבענ־טער איין־טויזענד־יאָהריגער טאָג פון רוה דאַפון. אָט דאָס איז דאָ אָפּגעשפּיגעלט.

ב : 8, 9. דאָס איז אַ בילד פון דעם וואָס די וועלט וועט ווערען. די אַרבייט פון שעהנער מאַכען די ערד, וואָס מיר זעהען אָנגעהענ־דיג איבעראַל ארום אונז, איז אַ טהייל פון׳ם פאָרבערייטונג פיר די מלוכה פון משיח.

ג : 15. דער משיח וועט האָבען דעם כח צו פערדאַרבען דעם שטן און אַלע ווערק פון שטן, איינע פון וועלכע איז דער טויט. ווען דער משיב וועט געוועלטיגען, וועט דער שטן קיין קראַפט מעהר ניט האָבען צו פיהרען די מענשען אין זינד און טויט.

ג : 21. דאָס איז אַן אָנצייגעניש אויף דעם קרבן פון גאָט, און אַזוי נאָך איז פאָרבערייטעט געוואָרען די ערלייזונג פון די מענשען פון די פלוך פון טויט.

ג : 22-24. גאָט באַצוועקט דאָס דער מענש זאָל אייביג לעבען אויף דער ערד.

ד : 4. הבל׳ס קרבן איז דער אַרויסקוק אויף דעם אַל־גענוגענדען.

ד : 8. הבל׳ס טויט שטעלט מיט זיך פאָר דעם טויט פון דעם משיח ; דאָס איז דער טויט פון אַזעלכע וואָס מאַכט זיכער די צוקונפטיגע ברכות.

ח : 21. איבערגעהענדיג פון „דער יעצטיגער שלעכטער וועלט צו „דער קומענדיגער וועלט", וועט גאָט ניט אַלעמען טויטען, זאָנ־דערן ער וועט איניגע רעטען לעבעדיגערהייט.

ט : 11. אַלע לייבער וועט ניט פערשניטען ווידער אַמאָל.

ט : 15. ווידער „מיליאָנען מענשען וואָס לעבען יעצט וועלען קיינמאָל ניט שטאַרבען."

יב : 3. ווען די צייט קומט פיר די בענשונג פון אַלע פאַמיליען פון דער ערד וועלען די וואָס וועלען לעבען צו יענער צייט אויך ער־האַלטען אַ בענשונג.

יג : 15, 16. צו איניגע איז פערשפּראָכען געוואָרען אַן אייביגע ערדליכער ירושה.

יג : 17. אברהם׳ס פערשפּראָכענע ירושה וועט זיין אויף דער ערד.

טו : 7-21. דאָס וואָרט דאָ פאַרטויטשט „מיט וואָס" ברייננגט דעם געדאַנקען פון „איך בעט דיר גיב מיר אַלע אויסקינפטע מעגליכסט ווענען דעם פּונקט". גאָט האָט געענטפערט אין צייכענס וועלכע מיר גיבען איבער בקיצור :

די עלף סימבאָלישע יאָהרען, דער סך־הכל פון דעם עלטער פון דיזע טהירע, בעטרעפען 3,960 ווירקליכע יאָהרען. זיי הייבען זיך אָן, ווי עס שיינט פון בראשית טז : 3, „נאָכדעם ווי אברהם האָט געוואוינט 10 יאָהר אין דעם לאַנד פון כנען" און דאָס איז געווען, ווי דער סדר־הדורות פון דער ביבעל איז געווען, אונגעפעהר אַרום אָקטאָבער 1, 2,036 בעפאָר דעם יאָהר 1. 2,035¼ יאָהר פיהרט אונז צו אַקוראַט צו דער פעריאָדע פון דעם יאָהר 1 און 1,924¾ יאָהר נאָכדעם. וועט אויספילען די גאַנצע 3,960 יאָהר. 1924 פולע יאָהרען פון דער געוועהנליכער צייט־רעכנונג וועט זיך ענדיגען דעצעמבער 31, 1924 און ¾ יאָהר נאָכדעם ענדיגט זיך אַרום אָקטאָבער 1, 1925־טען יאָהר, אין וועלכער צייט מען האָט רעכט צו ערוואַרטען דאָס אברהם וועט קומען צום בעזיץ פון זיין ירושה.

די בייגעבענע ערשיינונגען זעהען אויס אָנצודייטען דאָס די זעהונג וועט ערפילט ווערען אין פערלויף פון אַן אונגרוהיגער צייט, בילדליך פאָרגעשטעלט דורך דעם „רויבענדיגען קאַלך־אויוועז"; צו אַ צייט ווען דער האַר ישוע וועט אָנוועזענד זיין אין זיין צווייטען קומען אַלס דאָס ליכט פון דער וועלט, בילדליך פאָרגעשטעלט אַלס „אַ ברענענדיגער לאָמפּ". אַזוי ווי צעהן איז אַ סימבאָל פון נאַציאָנאַלער פאָלשטענדיגקייט צייגען די צעהן נאַציאָנען דאָ פאָרגעשטעלט צו מיינען אַלע נאַציאָנען פון דער וועלט.

יז : 8. די אייביגע ירושה פון אברהם און זיינע נאָכפאָלגער וועט זיין אויף דער ערד. אַזוי ווי געוויסע וועלען קיינמאָל ניט שטאַרבען און די צייט פון זייער ערשיינען איז זעהר נאָהענט, דאַרום איז דאָ אַ גרונד צו בעשטימען דאָס די מיט־יורשים וואָס לעבען יעצט וועלען קיינמאָל ניט שטאַרבען, און אַזעלכע זיינען דאָ אין די מיליאָנען.

יז : 17־19. דער נאָמען פון יצחק מיינט „לאַכען"; דער פאַקט איז דאָס ער שפּיגעלט מיט זיך אָפּ דעם משיח, ווי עס איז ערקלעהרט אין גאַלאַטער 28 : 4; און דער פאַקט דאָס ער איז געווען דער וואָס האָט געבראַכט בענשונג צו אַלע זיינע ברידער, ווי עס איז דאָ פאָרגעשטעלט, צייגט דאָס עס וועט קומען אַ צייט ווען מיליאָנען מענשען וועלען קיינמאָל ניט שטאַרבען.

יח : 18. צו אַלע נאַציאָנען פון דער ערד, איינשליסענדיג די טויטע נאַציאָנען, האָט מען דאָ פערשפּראָכען אַ בענשונג. דאמיט איז אויך געמיינט, דאָס זיי וועלען אויפשטעהן תחית המתים. ווען יענע צייט קומט אָן וועלען די וואָס לעבען אויך געבענשט זיין מיט די געלעגענהייט פון לעבען.

יט : 17־22. ווי לוט און זיינע צוויי טעכטער זיינען ערלייזט געוואָרען פון די פערדאַרבונג פון ווירקליכען סדום און האָבען געקריגען אַ קליינע שטאָדט דאַרין צו וואוינען, אַזוי קען זיין דאָס פיעלע וועלען ערלייזט ווערען פון די פערדאָרבונג פון דער קירכליכקייט. „די שטאָדט וועלכע איז גייסטליך גערופען סדום", אָפּענבארונג 11 : 18, און וועלען ערלויבט ווערען אַריינצולעבען אין דעם נייעם אָרדנונג.

כא: 14־19. די האָפנונגען פון דער וועלט זיינען צוזאַמענגעפּלאָצט מיט די האָפנונג פון קערפּערליכען ישראל פון וועמען ישמאל איז אַ טיפּ, אַזוי ווי יצחק שטעלט פאָר גייסטליכען ישראל. די האָפנונג פון די ציוניסטען זיינען אויפגעלעבט געוואָרען ביי דער גרויסער היפּאָדראָם פאַרזאַמלונג אין 1910 צו דער צייט וואָס פּאַסטאָר ראָססעל האָט זיין רעדע וועגען ציוניזם אין דער נבואה געהאַלטען צו 5,500 אידען. דאָ האָט דער פון וועמען ישמעאל איז געווען אַ טיפּ, נאָהענט צום שטאַרבען פון דאָרשט, געקריגען דאָס וואַסער פון לעבען אין וואָס ער האָט זיך אַממעהרטטען גענויטיגט. דאָס איז געווען אַ צייכען פון אָנפאַנג פון אָנקומען פון די חסדים צום אידען, וואָס איז יעצט קענטיג אין ציוניזם.

כב: 7, 8, 13. דער שעפּס וואָס איז געבאַפּט געוואָרען אין צווייג האָט פאָרגעשטעלט ישוע'ן, דעם זעגנער פון אַלע לעבעדיגע און טויטע.

כה: 1־4. קטורה שטעלט מיט זיך פאָר דעם נייעם בונד, גאָט'ס מיטעל פיר'ם אויספּילען פון אברהמ'ס בונד אין די בענשונג פון דער גאַנצער מענשהייט. זי האָט געהאַט זעקס זיהן, וואָס דאָס מיינט דאָס איהרע קינדער זיינען אונפאָלקאָמען. אָבער זי האָט געהאַט צעהן אייניקלאַך, אַ סימבאָל פון נאַציאָנאַלער פאָלקאָמענהייט, דאָס הייסט, אַז צום סוף וועט די גאַנצע וועלט מאַכען דעם נייעם בונד אלס אַן אורשפּרונג פון לעבען, און דאַדורך וועט עס קריגען פאָלקאָמענהייט.

## שמות

ג: 8. דאָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם צוועק פון צווייטען קומען.

ד: 4. דאָס שטעלט מיט זיך פאָר גאָט'ס צוועק צו אויסראָטען די יעצטיגע שלעכטע קאָנדיציאָנען דעם טויט און די זינד און אַנדערע שלעכטע זאַכען.

ה: 17. דיזען צייכען, וואָס איז געקומען בעפאָר די אידען זיינען אויסגעלייזט געוואָרען פון מצרים, זעהען מיר יעצט אָנגעהענדיג בעפאָר די מענשהייט איז ערלייזט געוואָרען פון שטנ'ס ממשלה.

ז: יב. דיזער צייכען וואָס איז געקומען בעפאָר די אידישע ערלייזונג צייגט ווי אונזער קלאָר פערשטעהן די אורזאַכע פון דער געוואלט פון שלעכטס ווישט אָפּ דורכ'ן בעסערען בעגרינדען אַלע פריהערדיגע ערקלעהרונגען.

ז: 20. דיזער צייכען צייגט ווי די קירכליכקייט וועט קוקען אויף די מיליאָנען טראַקטאַטען וואָס זאָגען אַז די געזעגענטע ערנטע. דיזער צייכען ערפילט, צייגט דאָס די צייט פיר דער ערד'ס ערלייזונג איז נאָהענט.

די נאָכקומענדע קאַפּיטלאַך פון שמות, ביז יב: 30 אויסגעשלאָסען, גיבען איבער די מכות איינע נאָך די אַנדערע: פּרעש, לייז, אַלערליי פליגען, טויט פון בהמות, קרעין, האָגעל, היישעריקען, פינסטערניש און טויט פון די בכורים, שטעלען מיט זיך פאָר איינע נאָך דער אַנדערער דאָס צייגען פון גאָט'ס כח פון זיין אמת, צווישען די אנטקעגען געשטעלטע טיפען פון דיזע קלעפּ זעהען

מיר די זיבען בענדער פון פאָרשונגען אין דער שריפט. דער פאַקט, דאָס דיזע אַלע זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען צייגט, דאָס די ערלייזונג פון דער וועלט איז נאָהענט.

יד: 29, 30. דאָס דורכגעהען פון ישראל דורך דעם רויטען ים קען צייגען, דאָס איינציגע וועלען דורכגעהען דורך דער צייט פון אָנאַר־כיע און בלייבען לעבען.

טו: 13. דאָס געהערט זיך אָן מיט דער גאַנצער מענשהייט.

טו: 26. דיזעס פערשפרעכען צו ישראל קעדפערליך איז אויך צוגעפאַסט צו דער גאַנצער מענשהייט צו דער ענדע פון דער צייט פון דער בשורה טובה.

טז: 21. אַלע אידען האָבען געזאַמעלט דעם פרישען מן אַלע פריה־מאָרגען, אַזוי וועט אויך די וועלט אין דעם נייען צייטאַלטער דאַרפען זוכען די מיטלען פון גנאָדען אום צו לעבען. דיזע איז אויך שייך צו די וואָס וועלען לעבען ווען דער טאָג פון חסד וועט אָנהויבען שיינען.

טז: 23. עס איז געווען דער געטליכער פּלאַן דאָס דער מענש זאָל האָבען אַ גרויסען טאָג פון שבת אום צו אויפהייבען די לעבעדיגע און די טויטע פון זינד און טויט.

יט: 10, 11. דיזער דריטער טאָג שטעלט מיט זיך פאָר דעם פריה־מאָרגען פון דעם דריטען טויזענד־יעהרליכען טאָג וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דעם טויזענד־יעהרליכען טאָג אין וועלכען דער אויסקויף־פּרייז איז פאַרבעריטעט געוואָרען פיר די וואָס לעבען ווי אויך פאַר די וואָס זיינען טויט.

כ: 8־10. דער שבת איז אַ טיפּ פון דעם טויזענד־יאָהריגען שבת פון ווידער אויפלעבונג פיר די לעבעדיגע ווי אויך פיר די טויטע.

כח: 33. "די גאָלדענע גלעקלאַך שטעלען מיט זיך פאָר דאָס ווען דער קעניג וועט קומען וועלען אַלע זעהען די פרובט פון זיין ווערק פון ערלייזונג.

כח: 34. דאָס פיהרען פונ'ם פאָלק אין דאָס פערשפּראָכענע לאַנד שטעלט מיט זיך פאָר דאָס צוריקברייגנען פון אַלע די וואָס וועלען אָנהויבען האַרמאָנירען מיט גאָט.

לד: 30. דאָס שטראַהלען פאַר וואָס די אידען האָבען מורא געהאַט שטעלט מיט זיך פאָר די צייט פון צרות וועלכע די וועלט וועט ניט קענען פאַרטראָגען. נאָכדעם וועט דער וואָס איז גרעסער ווי משה, דער משיח, רעדען צו די לעבעדיגע און די טויטע דורך די פער־מיטלונג פון אַ פאָרהאַנג, די אַלטע צדיקים.

## ויקרא

ט: 23. דיזער ערשיינונג פון גאָטס גרויסקייט צו אַלע לייטע שטעלט מיט זיך פאָר די צייט וואָס קומט באַלד אָן, ווען די העריליכקייט פון דעם האַר (זיין ליעבע פיר אַלע מענשען, לעבעדיגע און טויטע) וועט אָפענבאַרט ווערען צו אַלעמען.

יג: 2. דאָס שטעלט מיט זיך פאָר די פערזאָרגונג פון גאָט, אין דער נייער צייט, פיר די היילונג פון דער גאַנצער מענהייט, די לעבע־דיגע ווי אויך די טויטע, פון זינד.

יד : 4. דער צעדער־בוים שטעלט מיט זיך פאַר דאָס אייביגע לעבען, וואָס די לעבעדיגע און טויטע אין דער טויזענדיעהריגער צייט וועלען קענען קריגען. דאָס רויטע — די בלוט פון אויסקויף־פּרייז, די אזוב־גראָז — דאָס רייניגונגס וואָרט.

יד : 12. דער קרבן חטאת שטעלט מיט זיך פאַר דעם מיטעל פון פער־גיטיגונג וואָס וועט אין קורצען געעפענט ווערען פיר די לעבע־דיגע ווי אויך פיר די טויטע.

יח : 5. יענע וואָס וועלען האַלטען די נייע געזעצען וועלען לעבען אייביג.

כג : 3. דער שבת טאָג איז אַ טיפּ פון דעם גרויסען טויזענד־יעהרי־גען שבת טאָג פון ערהאַלטונג פיר די לעבעדיגע און טויטע פון זינד און טויט.

כה : 10. דאָס שטעלט מיט זיך פאַר די קומענדיגע ערלייזונג פון אַלעמען, לעבעדיגע און טויטע.

כו : 18, 24, 28. די זיבען צייטען פון די גוים האָט זיך געענדיגט אין הערבסט פון 1914.

כו : 34, 35, 40־45. אין אָנצייגונג אויף די זיבעציג יובל׳ס, וואָס דאַרפען געהן איבער אידען איידער זיי געהען אין דער ווירקליכ־קייט אַריין אין דעם פערשפּראָכענעם לאַנד. דיזע 3500 יאָהר האָבען זיך אָנגעפאַנגען ביים אַריינגעהן פון ארץ ישראל אין פריה־לינג פון 1575 בעפאָר דעם יאָהר 1, 1574¾ בעפאָר די קריסטליכע צייטרעכנונג און וועלען זיך אינגאַנצען ענדיגען אין 1924¼, אָדער אַרום אַפּריל 1, 1925, אין וועלכער צייט מיר קענען ער־וואַרטען, דאָס תחית המתים פון די אַלטע צדיקים און דער אָנ־פאַנג פון בענשונג פון אַלע פאַמיליעס פון דער ערד, לעבענדיגע ווי אויך טויטע. דער לעצטער יאָהר פון די 3500 יאָהרען וועט אַליין זיין אַ יובל יאָהר אין וועלכען עס וועט שטאַטפינדען דער געגען־טיפּ, דער גרויסער יובל פון צוריקגעבען.

## במדבר

יד : 31־34. דער לעצטער פּסוק פון דיזער ציטאַטע איז איינער פון די שליסלען וואָס שליסט אויף נבואות פון צייטען, און דאַרום אויך איינער דורך וועלכע מיר דערקענען, דאָס די וועלט האָט זיך געענדיגט. עס שיינט צו זיין אַ פערגלייך אין די פאַרגעהענדע פּסוקים צווישען דעם וואָס די גלויביגע לייטע פון גאָט מאַכען דורך אין דיזע ערנסטע־צייט און דעם וואָס קערפּערליכער ישראל האָט דאַמאָלס דורכגעמאַכט. מיר קענען זעהען דאָס די פערציג יאָהר פון וואַנדערען פיר גייסטליכען ישראל האָט זיך אָנגעהוי־בען אין הערבסט פון 1881. די צעהן אונטריע אויסזעהער, די וועלטליכע גלח׳שאַפט, האָבען פערוואָרפען דעם אָנזאָג פון צוריק־געבונג אַלס אַ געפעהרליכען לעהרער, אַ טייוועלשער לעהרער, און דאָס פאָלק האָט זיך צו זיי צוגעהערט, אנשטאָט זיך צוהערען צום אמת, אָבער עס קען גרייליך זיין דאָס זיי און זייערע סיסטעמען וועלען, בוכשטעבליך, ניט קענען אַריינגעהן. אָבער זייערע קינ־דער וועלען, בוכשטעבליך, אַרבען די פערשפּראָכענע ירושה. עס

קען זיין דאס דיזע וועלטליכע סיסטעמען וועלען אונטערגעהן
אין הערבסט פון 1921, אדער די פערציג יאהר קענען בעטראכט
ווערען אלס האבענדיג זיך אנגעהויבען ווען דער רוף צום קריי־
בען די צייטיגע פרוכט איז ארויסגעגעבען געווארען אין 1818
און האט זיך געענדיגט מיט דעם אנפאנג פון פאל פון דער גלח׳־
שאפט, וואס האט שטאטגעפונען אין רוסלאנד אין 1910.

יט: 9. די אש פון דער פרה אדומה, וואס מען האט געהאלטען אום
צו רייניגען די לייטע פון זינד, שטעלט מיט זיך פאר דאס אנדענ־
קען פון די טרייהייט פון די אלטע צדיקים, וואס וועט אין גיבען
שטעהן צום דיענסט פון אלעמען.

כא: 9. דער קופערנער שלאנג שטעלט מיט זיך פאר די זינד. שטנ׳ס
אגענטען האבען פערפיהרט אונזערע ערשטע עלטערען צום פער־
דארבען, דארום האט דער האר ישוע גענומען דעם פלאץ פון דעם
לעבעדיגען אדער טויטען זינדער.

## ישעיה

א: 9. אזוי ווי ברודער ראסעל פאסט צו פסוק 3 צום נאמינאלען
קריסטענטום, קען מען דיזען פסוק צופאסען צו די מיליאנען
מענשען וואס וועלען קיינמאל ניט שטארבען, אבער וועלכע וועלען
זיין א זעהר קליינער רעשטעל אין פערגלייך צו די ביליאנען
טויטע.

א: 19. דער געצאהלט פיר׳ן נאכקומען וועט זיין אונאונטערבראָ־
כענעם לעבען.

א: 24-31. אלס צייכען דאס די וועלט קומט צו אן ענדע וועלען די
איבערטרעטער פון געזעץ פארדארבען ווערען און די שופטים
(וואס גיבען לעבען) צוריק אויפגעשטעלט.

ב: 2-4. ווען די צייט וועט קומען דאס פיעלע נאציאנען און פעל־
קער וועלען פארלאנגען זיך צו באהעפטען אן גאט דאן וועט טויט
אויפהערען.

ב: 7, 8. א בעווייז דאס די וועלט האט זיך געענדיגט.

ב: 11. ווען גט איז ערהויבען אין די הערצער פון די מענשען וועט
קיין גרונד מעהר ניט זיין פיר דעם טויט נאך ווייטער צו עקזיס־
טירען.

ב: 20. א צייכען פון ענדע פון דער וועלט.

ג: 5. צייכענס דאס די וועלט האט זיך געענדיגט. פערגלייך 2־טי־
מוטהיוס 3. „אין די לעצטע טעג וועלען שלעכטע צייטען קומען“,
א. ז. וו.

ג: 10. די גערעכטע וועלען עסען די פרוכט פון זייער אייגענע
מעשים.

ג: 12. צו דער ענדע פון צייט וועלען פריידיגער פעראורזאכען
דאס פאלק צו פאלען אין טעות.

ד: 2-6. א דירעקטע ראיה, דאס די מיליאנען וואס לעבען יעצט וועלען
קיינמאל ניט שטארבען.

ח: 7. א צייכען פון דעם סוף פון דער צייט.

ו: 13. אן אנצוהערעניש דאס מעגליך איין צעהנטעל וועט לעבען
אייביג.

ח: 21 צו ט: 7. אַ באַווייז דאָס די וועלט האָט זיך געענדיגט און אן אייביגע צייט פון שלום קומט אָן. אין דיזער צייט וועט דער טויט זיך ענדיגען.
יא: 4-9. קיין זאַך וועט ניט קאַליעטשען, אויך ניט צושטערען, טויט וועט אויפהערען.
יא: 12-16. אַ בעווייז דאָס די וועלט האָט זיך געענדיגט.
יב: 1-6. ווען די מענשהייט שעפט וואַסער מיט שמחה פון די קוואַלען פון הילף וועט זי אָפּשעצען דיזע נבואה.
יד: 7. רוה פון יעדער שונא, דעם טויט אַריינגערעכענט, איז דאָ פערשפּרעכען.
טז: 5. ווען שטענדיגע גערעכטיגקייט הערשט אין דער וועלט וועט קיינער מעהר ניט דאַרפען שטאַרבען.
יח: דער זיבעטער טרומייטער צייגט דעם יובל פון דער ערד, די ענדע פון טויט און פון שטאַרבען.
יט: 21-25. אָט דאָ איז אַ בילד פון די היילונג פון דער זינד-קראַנקער וועלט.
כא: 12. דער ערד'ס צייט פון זובען גאָט וועט זיין נאָכדעם ווי זי וועט האָבען צרות.
כד: 6. אַ דירעקטע ערקלעהרונג דאָס אימיצער וועט נאָך פערבלייבען נאָך דער צייט, ווען צרות וועלען זיך פערשפּרייטען אויף דער ערד.
כד: 16-23. אַ בעווייז דאָס די וועלט האָט זיך געענדיגט. די גלאָררייכע רעגירונג פון דעם פּרינץ פון לעבען איז אויך בעוואוסט געוואָרען.
כה: 6-12. אַ מאָלצייט פון פעטע נאַרהאַפטיגע שפּייזען איז פּאָרבערייטעט; טויט איז פעראורטיילט פערשלונגען צו ווערען אין נצחון.
כו: 9. די אַיינוואוינער פון דער ערד, ביים לעבען אָדער טויט, וועלען לערנען גערעכטיגקייט, ווען גאָט'ס משפטים וועלען זיין. אויף דער ערד.
כו: 19. ווען די ערד וועט אַרויסוואַרפען איהרע טויטע וועט קיינער מעהר ניט דאַרפען אַריינגעהן אין טויט.
כז: 1-6. אַ בעווייז דאָס די וועלט האָט זיך געענדיגט.
כז: 12, 13. דער זיבעטער טרומייט צייגט די ענדע פון טויט.
כח: 18. דער אָפּמאַך מיט דעם קבר וועט זיך ענדיגען. קיינער וועט ניט געהן אַהין.
כט: 19-24. די עניוות'דיגע וועלען האָבען פערגרעסערט זייער שמחה אין דעם האַר, ניט מעהר וועלען זיי עס ביסלעכווייז האָבען פערלאָרען, פּאַגראָמען וועלען זיך ענדיגען און אפילו בעהאַלטענע פּראָוואָקאַטאָרען וועלען אָנפאַנגען וויסען פון גערעכטיגקייט און אמת.
ל: 26. גאָט וועט צוריק פערבינדען די וואונדען פון זיין פּאָלק.
לב: 8. די נאָבעלע וועלען פּאָרזעטצען אין נאָבעלע זאַכען.
לב: 15-18. גאָט'ס לייטע וועלען וואוינען אין אַ זיכערען וואוינונגס-פּלאַץ.

לג : 2. דער האַר וועט זיין די רעטונג פון איינציגע אין דער שלעכטער צייט.

לג : 6. אין דעם האַר'ס צייטען וועט זיין שטאַנדהאַפטיגקייט און הילף.

לג : 16. זוכט שלום, זוכט גערעכטיגקייט : איהר האָט די מעגליכקייט קיינמאָל ניט צו שטאַרבען.

לג : 22. גאָט וועט אונז העלפען. אָט דאָס קענען יעצט איינציגע זאָגען.

לג : 24. די איינוואוינער וועלען ניט זאָגען, איך בין קראַנק.

לד : 16, 17. מענשען וועלען לעבען פון דור צו דור נאָך דער צייט ווען גאָט'ס וואָרט וועט פאַרשטאַנען ווערען.

לה : 1-10. דאָס שליסט איין דעם געדאַנקען פון פיזישער אויפלעבונג פיר די דאָזיגע וואָס זיינען יעצט שוואַך, בלינד, טויב, און הינקעדיג, און זייער פראָגרעס פון אַ שטאַרבענדען צושטאַנד צו איינעם פון איביגער שמחה.

ם : 1-5. דאָ זיינען אָפּגעשפּיגעלט געוואלטיגע סאָציאַלע וועקסלונגען און דאָס אויסגלייכען פון אַלע קרומע און שלעכטע פּלעצער פון דער ערד. אַלע לייבער, די לעבעדיגע ווי די טויטע, וועלען זעהען גאָטס הערליכקייט און קומען צו דעם וויסען פון זיין הערליכע אייגענשאַפט פון ליעבע.

מא : 1. די לייטע וועלען באַנייען זייער כח. זיי וועלען קענען אויסמיידען דעם טויט.

מא : 17-20. דאָס ברייננגען אין פאָלקאָמענהייט פון דער ערד אַלס אַן איביגע היים פאַר'ן מענשען מיט דעם זעגען פיר די וואָס דאַרפען איז דאָ פאָראויסגעזעהען געוואָרען.

מב : 1-7. ווען די צייט קומט פיר דעם האַר צו ברייננגען די געפאַנגענע פון דעם טויט'ס הויז פון געפאַנגענשאַפט וועט קיינער שוין מעהר ניט דאַרפען שטאַרבען.

מב : 16. דיזער וועג פון צוריק אויפלעבונג וועט זיין אַ נייער וועג פיר דער וועלט, אַ וועג פון לעבען און ניט אַ וועג פון טויט.

מה : 8. רעטונג, לעבען, וועט אַרויסשפּראָצען פון דער ערד אונטער דער וואהלטהעטיגער ממשלה פון דעם נייעם הימעל.

מה : 17-19. ישראל וועט ניט פערשעמט ווערען, אויך ניט פערווירט ווערען אין אַ וועלט אָהן אַן ענדע. גאָט האָט געמאַכט די ערד צו זיין דעם מענשען'ס שטענדיגע היים.

מה : 22-24. אַלע ענדען פון דער וועלט וועלען געהאָלפען ווערען אין גערעכטיגקייט און שטאַרקייט.

מט : 6. ווען דער האַר איז פיר הילף ביז צו דער ענדע פון דער ערד וועט דיזע הילף זיין פיר די וואָס לעבען, אויך פיר די וואָס זיינען טויט.

מט : 8. די ערד וועט אויפגעריכטעט ווערען און איהרע וויסטע נחלאות וועלען פערנומען ווערען. גאָט'ס בונד וועט בענשען דאָס פאָלק מיט לעבען.

מט : 13. גאָט וועט רחמנות האָבען אויף די לייטע וואָס טרויערען.

נ : 2. ווער קען אויפצייגען דאס דער האר האט קיין כח ניט אויפ־צולייזען דעם מענשען פון אראפגעהן אין קבר?

נא : 6. גאט'ס ישועה וועט זיין אויף אייביג.

נא : 11. צו דאגה און טרויער וועט נעהמען אן ענדע.

נא : 21-23. די ליידענדע וועלען שוין מעהר ניט טרינקען פון גאט'ס כעס.

נב : 10. ווען אלע עקען פון דער וועלט וועלען זעהען די הילף פון אונזער גאט וועט עס איינשליסען די לעבעדיגע ווי אויך די טויטע.

נב : 15. דאס בעשפריצען פון פיעלע נאציאנען מיט דעם בלוט פון כייען בונד וועט מיינען זייער היילונג, זייער לעבען.

נג : 11. משיח וועט קיינמאל ניט צופרידען זיין ביז די צייט וועט קומען ווען יענע פיר וועמען ער איז געשטארבען אום זיי זאלען לעבען זאלען האבען די געלעגענהייט צום לעבען וואס ער האט פיר זיי געקויפט.

נד : די זאמען פון דעם משיח, ד. ה. ישראל, וועט בעזיצען די נאציאנען. עס איז ניט גאט'ס צוועק דאס עס זאל זיין א טויטע ירושה.

נה : 3. הער צו וועט דיין זעעלע בלייבען לעבען — וועט קיינמאל ניט שטארבען.

נה : 7-13. גאט וועט גענויגענד פערגעבען דעם רשע וועלכער קעהרט זיך אום צו איהם, נאכדעם ווי דער טאג פון כעס איז צו ענדע.

נו : 6-8. דאס איז א בילד פון דער פערגיטיגונג פון דער גאנצער וועלט, לעבעדיגע און טויטע — דאס זאמלען פון די פארוואָרפענע.

נה : 11. די גערעכטע וועלען זיין ווי א קוואל וואסער.

ס : 1-13. דער גאנצער אבשניט דערצעהלט פון דער הערליכקייט פון דעם אויסגעקויפטען ישראל און דאס פערזאמלען פון די קרעפ־טען פון דער ערלייזטער ראסע אונטער זייער פאהן. דאס שליסט איין די לעבעדיגע און די טויטע.

ס : 18. עס וועט מעהר קיין פערדארבונג ניט זיין אין לאנד.

ס : 21. די לייטע וועלען זיין גערעכטע און וועלען ניט דארפען שטארבען.

סא : 1-5. א טהייל פון דער אויפגאבע פיר דער קהלה איז יעצט צו העלפען די געשלאגענע וועלט אנצוטאהן שיינקייט אנשטאט אש, צו פרייען זיך אנשטאט צו קלאגען, צו אנטאהן די קליידער פון לויב אנשטאט דעם שווערען גייסט, אנזאגענדיג דאס די מיליאנען מענשען וואס לעבען יעצט וועלען קיינמאל ניט שטארבען.

סב : 10. דער וועג איז יעצט גרייט פיר די לייטע, א וועג דורך וועלכען זיי וועלען געהן צום אייביגען לעבען אהן טויט.

סה : 8. וועגען די אויסערוועהלטע וועט גאט ניט אינגאנצען פער־דארבען דעם מענשען

סה : 17. עס וועט זיין א נייע ערד אין וועלכער דער מענש וועט ניט שטארבען.

סה : 20. די הייזער און די וויינגערטנער פון די לייטע וועט זיין זייער בעזיץ אויף אייביג. זיי וועלען ניט דארפען שטארבען און זיין פערלאזען.

טו : 18, 19. ווען אַלע נאַציאָנען וועלען זעהען גאָט'ס הערליכקייט, וועלען דאמאָלס זיין מיליאָנען מענשען וואָס וועלען עס אויך זעהען און וועלען ניט דאַרפען שטאַרבען. די הערליכקייט פון גאָט איז זיין רחמנות, זיין ליעבע, זיין מיטליד.

ירמיהו

ג : 12-18. ישראל וועט האָבען וויסענשאַפט און פאַרשטאַנד און וועט שוין ניט מעהר נאָכגעהן נאָך די מחשבות פון זיין שלעכטער האַרץ. דאָס וועט אויך זיין מיט אַלע אַנדערע, די וואָס לעבען אָדער יעצט געשטאָרבען, וועלכע עס וועלען ווערען ישראלים.

ד : 1, 2. אַלע נאַציאָנען וועלען געבענשט ווערען דאַדורך וואָס זיי וועלען ווערען ישראל'ס אַרויסגעקומענע און אַלע וועלען זעהען גאָט'ס הערליכקייט, און וועלען ניט דאַרפען אַריבערגעהן אין טויט אַריין.

ח : 14. אַ צייכען דאָס די וועלט האָט זיך געענדיגט.

טו : 19-21. קערפערליכער וועט אויסקשטעלען זיך ביים האַר אין דער צייט פון צרות און וועט ערלייזט ווערען פון אַלע זיינע שונאים. אויסציהענדיג, שליסט דידעס איין מיליאָנען אַנדערע וואָס לעבען יעצט.

טז : 15, 18. אַ צייכען, דאָס די וועלט האָט זיך געענדיגט.

טז : 19. די נאַציאָנען וועלען קומען צו ישראל צו לערנען דעם אמת אין דער נייער צייט, אום צו האָבען די מעגליכקייט פיר לעבען.

יח : 7, 8. יע, אַ נאַציאָן וואָס וועט חרטה האָבען וועט געהאָלפען ווערען פון דאָס שלעכטס וואָס איז געזאָגט געוואָרען אין נבואה קעגען איהר.

כג : 3, 4. אַ סימן, דאָס די וועלט האָט זיך געענדיגט.

כד : 6, 7. ישראל (און אַנדערע מיט איהם) וועלען געבויט ווערען אדן ניט אַרונטערגעצויגען ווערען, געפלאַנצט און ניט אויסגע־פליקט ווערען.

כה : 11, 12. אין ערמאָהנונג וועגען די זיבעציג יובלים וואָס מוזען אַריבערגעהן איידער ישראל אויף ער וועט אין דער ווירקליכקייט אַריינגעהן אין דעם פערשפראָכענעם לאַנד. דיזע 3,500 יאָהר האָבען זיך אָנגעהויבען ווען ער איז אַריין אין כנען אין פריה־לינג פון 1575 פאַר דעם יאָהר 1 נאָך דער אַלגעמיינער צייט רעכ־נונג און וועט זיך ענדיגען אין פריהלינג פון יאָהר 1925. דאָס מיינט, דאָס דער לעצטער יאָהר וועט זיין אַ יובל יאָהר און אין לעצטען יאָהר פון די 3,500 יאָהר וועט שטאַטפינדען דער געגען־טיפ, דער גרויסער יובל פון אויפלעבונג.

כט : 14. אַ סימן דאָס די וועלט איז צו ענדע.

ל : 3. אַ סימן דאָס די וועלט איז צו ענדע.

ל : 18. אַ סימן דאָס די וועלט איז צו ענדע.

ל : 23. אַ סימן דאָס די וועלט איז צו ענדע.

לא : 6-12. אַ סימן דאָס די וועלט איז צו ענדע.

לא: 15-17. ווען רחל'ס קינדער וועלען זיך אומקעהרען פון דעם לאַנד פון דעם שונא וועלען זיין מיליאָנען פון אַנדערע קינדער וואָס וועלען ניט דאַרפען שטאַרבען.
לא: 29, 30. קיינער וועט ניט שטאַרבען סיידען יענע וואָס וועלען מיט אַבזיכט זינדיגען.
לא: 34-37. אַלע וועלען קענען דעם האַר. דער אידישער נאַציאָן וועט קיינמאָל ניט אויפהערען צו זיין אַ נאַציאָן.
לב: 39, 40. די לייטע וועלען האָבען איין האַרץ און איין וועג, און גאָט וועט ניט אויפהערען צו טאָהן גוטעס צו זיי.
לג: 1-14. מיליאָנען מענשען וואָס לעבען יעצט וועלען קיינמאָל ניט ניט שטאַרבען.
לו: 16. אַ סימן פון דער ענדע פון דער וועלט.
מו: 27, 28. ישראל און, ברייטער מאַכענדיג, די וועלט וועט זיין רוהיג צופרידען און ניט מעהר אין מורה פונ'ם געהן צום טויט.
מט: 11. געוויסע וועלען אָנגעהאַלטען ווערען ביים לעבען אין דער שלעכטער צייט.
נ: 4, 5. גאָט'ס אייביגער בונד מיט ישראל, און, פערשטעהענדיג ברייטער, מיט דער וועלט וואַרטעט אויף אַ צייט ווען דער טויט וועט זיך ענדיגען.

יחזקאל

א: 15. אַ סימן דאָס די וועלט איז צו ענדע.
ב: 3, 9. אַ סימן דאָס די וועלט איז צו ענדע.
ג: 15, 21. אַ סימן דאָס די וועלט איז צו ענדע.
ד: 5, 6. אַ סימן דאָס די וועלט איז צו ענדע.
ז: 16, 19. אַ סימן דאָס די וועלט איז צו ענדע.
ה: 3. אַ סימן דאָס די וועלט איז צו ענדע.
ט: 2. אַ סימן דאָס די וועלט איז צו ענדע.
יא: 17, 19. אַ סימן דאָס די וועלט איז צו ענדע, אויך דאָס גאָט'ס צוועק איז ווידער אויפצולעבען קערפערליכען ישראל, אַריינבנעהמענדיג אויך די וועלט, אין גערעכטיגקייט, אַזוי דאָס זיי וועלען ניט דאַרפען שטאַרבען.
יד: 21. אַ סימן דאָס די וועלט איז צו ענדע.
טז: 53-63. גאָט'ס פאַרשפּרעכען, דאָס ער וועט אַרויסנעהמען פון טויט די מענשען פון סדום און ברייגגען זיי צו גערעכטיגקייט רעדט פיר דעם דאָס די מיליאָנען מענשען וואָס לעבען יעצט וועלען קיינמאָל ניט דאַרפען שטאַרבען.
יח: 1-32. דיזער גאַנצער קאַפּיטעל ענטהאַלט דירעקטע ראיות דאָס די צייט וועט קומען ווען קיינער וועט ניט דאַרפען שטאַרבען.
כ: 33-44. אַ בעווייז דאָס די וועלט איז צו ענדע, אויך דאָס גאָט'ס צוועק איז צו שיקען זיין שמייכעל פון וואוילגעפאַלען און דאַדורך אויך פון לעבען צו ישראל אין קערפער, אַריינבנעהמענדיג אין ברייטען זינן די וועלט.
כא: 15, 25-27, 31. אַ צייכען דאָס די וועלט איז צו ענדע.
כד: 16. אַ צייכען דאָס די וועלט איז צו ענדע.
כח: 26. די לייטע וועלען לעבען אָהן מורא פון טויט.

## פאַרשונגען אין דער היילינגער שריפט

דיזע אויסגעצייכענטע ביבליאָטעק פון פאַסטאָר ראָססעל נאָכ'ן אינהאַלט אראַנ־זשירטע זיבען ביכער זיינען איבערהויפּט געשריבען געוואָרען פיר קריסטען, אָבער זיי ענטהאַלטען אַ גרויסע מאָס פון זאַכען וואָס זיינען פיר אידען פון דער גרעסטער וויכטיגקייט — די צייגנים פון די נביאים בנוגע די משיח צייט. דיזע ביכער, צוזאַ־מען מיט'ן „וואַטש טאַוער“, דעם האַלב־מאָנאַטליכען, זעכצעהן־זייטיגען רעליגיעזען זשורנאַל, וועלכען פאַסטאָר ראָססעל האָט געגרינדעט, זיינען צו קריגען צום ערשטוי־נענדען, נידריגען פרייז פון

זיבען בענדער און א יאהר'ס אבאָנעמענט $6.50 פּאָסט פריי

דאָס ענטהאַלטענע איז אַבסאָלוט פריי; איהר צאָהלט נור פיר די מאַטעריאַלען און דעם איבערשיקען. שיקט נאָך זיי; לעזט זיי; זאַפּט זיי אין זיך אַריין מיט אַן ערנסטקייט; דאַן וועט אַייער תנ"ך פיר אַייך ווערען ווי עפּעס נייעס. דער צוג־בילד פון די דורות, און גאָט'ס כונה אין זיי, וועלען ווערען איינפאַך, ווי אויך די צוקונפט וועט ווערען אָנגעפילט מיט האָפנונג.

נור אין דייטש און אין ענגליש — ניט אידיש

די נעמען פון די בענדער: דער געטליכער פלאַן; די צייט איז שוין פּאַרטיג; דיין מלוכה זאל קומען; הר־מגידון; כפרת עונות; דאָס נייע בעשאף; דער נעענדיגטער סוד. 7,300 זייטען; געבונדען אין צייג.

אינטערנאַציאָנאַלע געזעלשאַפט
פון ערנסטע ביבעל פאָרשער

